№ 6

פרץ הירשביין

# דעמערונג

א פאעמא אין 3 אקטען.

ביכער־פערלאג
„דער האמער"
ווילנא

דרוק ש. פ. גארבער

ДЕМЕРУНГЪ (Сумерки)

Поэма въ 3-хъ актахъ.

ПЕРЕЦА ГИРШБЕЙНА

Вильна Типографія Ф. Гаьбера Завальная ул. д. 25.

## פֶּערְזָאנֶען:

נָתָן

נָדָב } זיינע קינדער
הֵימָן

תָּמָר } נדב׳ס קינדער
זִיזִי



# ערשטער אקט

א איינזאמעס הויז נעבען א וואלד. א גרויסער צימער, וואו־ניט־וואו צושטעלט גרינע גע־פלאכטענע מעבעל. רעכטס א טהיר מיט צוויי פענסטער קומען־אריין אין וואלד. לינקס א טהיר און טרעפ אויף א סאלקע. די פענסטער זענען אפען און ס׳קוקען־אריין דורך זיי צווייגען פון בוימער, וועלכע בעוועגען־זיך פון צייט צו צייט און ווארפען שאטענ׳ס אויף אלע זייטען. ווען דער ווינד בויגט־אב די צווייגען פון פענסטער, שלאגען־זיך־דורך אין שטוב פאסען ליכט פון מארגענ־שיין.

---

נדב [זיצט אויף אַ שטוהל. דער קאָפּ אויפ׳ן ברוסט אַראָבגעהאַנגען. שטאַרק פערקלערט. שטעלט־זיך פלוצלינג]. צי קאָן איך זי, מיין בעסטעס קינד, פון זיך אָבלאָזען?... צי קאָן איך זי שיקען אין פייער אַריין, כל־זמן איך אַליין בין פערזונקען אין טויזענדער ספקות... תמר, תמר!.. איהר וויך האַרץ רייסט זיך אויף דעם מורא׳דיגען וועג — אפשר זאָל איך איהר דערצעהלען, אַז איך אַליין בין נאָך ניט זיכער... (געהט אַרויף צו זיך אויפ׳ן סאַלקע).

(פויזע).

תמר (קומט אַריין). פאָטער מיינער, ליעבער פאָטער! איך געה צו דיר! הערסט, איך געה צו דיר! (געהט־אַרויף צו נדב׳ן).

(פויזע).

הימן (קומט אַריין. קוקט־זיך־אַרום). אַך מיין אַלטע וויעג־בעט! עס דערוועקען־זיך אין מיר מיינע קינדערשע געפיהלען... (קוקט־זיך־אַרום) וואו זענען זיי אַלע?... אפשר זענען זיי פון שטוב אַוועק, שפּירענ־דיג אַז איך געה?... אפשר איז גלייכער איך זאָל זיך גאָר ניט ווייזען פאַר זיי? (טראַכט אַ ווייל. קוקט־זיך־אַרום ניינעריג. געהט־אַרויס).

נתן און זיזי (קומען־אַריין).

זיזי. איך וועל גיין זען, וואָס דער טאַטע טהוט.

נתן. דו האָסט ניט געזעהן אין וועלדער ווייט ער האָט זיך פֿערנומען?

זיזי. ער איז גלייך אין וואַלד אַוועק... איך גיי צום טאַטען.

נתן. ווי זעהט ער אויס?

זיזי. איך האָב זיך דערשראָקען פֿאַר איהם.

נתן (ווי צו זיך). דאָס איז ער; געוויס ער.

זיזי. איך גיי צום טאַטען: איך וויל זיצען אַ ביסעל ביי איהם אויף די קניה.

נתן. דאָס האַרץ ביי דיין טאַטען איז צופּלאָנט; נאָט האָט עס מיט צאָרן אָנגעפּילט. זיץ דאָ, דערצעהל מיר, וואו האָסטו איהם געזעהן?

זיזי. ער איז אַרום שטוב געגאַנגען, זאָג איך דאָך דיר... זאָג, ויידע, פֿאַרוואָס איז דער טאַטע שטענדיג אומעדיג, און אַז תמר געהט אַראָב פֿון איהם איז זי פֿערוויינט?

נתן. ווייל זי האָט איהם ליעב.

זיזי. ווייל זי האָט איהם ליעב? האָב איך דאָך איהם אויך ליעב. איך גיי צו איהם: איך וועל איהם זינגען און וועל איהם טאַנצען — וועט ער ווערען פֿרעהליך. איך וועל איהם זינגען ווי בענינען און וואַלד די פֿויגעלעך — געהן, ויידע?

נתן (פֿערטראַכֿט־זיך).

זיזי. וואָס ביסטו אומעדיג, ויידע?

נתן. וואָס ביי מיר איז גראָהע האָר און באָרד.

זיזי. גיב, איך וועל דיר זיי אויסרייסען, וועסטו ווערען יונג ווי דער טאַטע (נעהמט איהם אַרום). ויידע! האַ, ווי ליעב איך האָב דיך! איך וועל שטענדיג, שטענדיג מיט דיר געהן. זאָג, וועסטו מיך מיטנעהמען?

נתן. אויב דו וועסט נאָר וועלען מיט מיר שטענדיג געהן. (קוקט פֿריהער אין איין פֿענסטער, נאָכֿהער אין צווייטען. אונרוהיג).

זיזי. אויב דו וועסט אַוועקגעהן ערגיץ ווייט, וועסטו מיך דאַרפֿען טראָגן אויפ'ן האַנד... (לאַכֿט)



וועסטו מיך ניט דאַרפֿען טראָגן; וועסטו מיך ניט דאַרפֿען טראָגען. זעהסטו, היינט זענען מיר אויך פֿערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז איך האָב זיך ניט פֿערמאַטערט.

נתן (צו זיך אַליין). היינט איז די זון נאָך שען, שיינט. און מאָרגען — ווער ווייס?...

זיזי. זי וועט מאָרגען אויך שען זיין; זי וועט מאָרגען אויך שיינען.

נתן. ווי אין וואַלד וואָלסטו געבאָרען געוואָרען, און אויף די ביימער אויסגעוואַקסען.

זיזי. חאַ־חאַ־חאַ! ווי אין וואַלד אויף די ביימער אויסגעוואַקסען! אָט וועל איך באַלד מאַכֿען ווי אַ קוקאָוקע (מאַכֿט־נאָך): קוקו קוקו! און אָט אַזוי מאַכֿען קראָהען: קראַ! קראַ!

נתן. גענוג, מיין קינד, גענוג.

זיזי. איך וועל דיר באַלד ווי אַלע פֿויגעל אויסשוויטשערען (מאַכֿט־נאָך פֿערשיעדענע געזאַנגען פֿון פֿויגעל).

נתן. שטילער, שטילער מיין קינד, מען טאָר איצטער דעם קול ניט אויפהויבען הויך, מען טאָר ניט. נישט זינג ווי אַ פֿויגעל: אַ רויבער מיט פֿליגעל טראָגט־זיך אַרום אונזער שטוב.

זיזי (לאַכֿט). צו אונז אין שטוב קאָן ער קומען צופֿליהען? דו ווילסט מיך איבערשרעקען, איך זאָל ניט זינגען: איך ווייס, דו קאָנסט ניט ליידען אַז איך זינג...

תמר (קומט־אַראָב צושטרעהט). דו ביזט דאָ, ויידע! וואו ביזטו געווען? וואָס האָסטו געהערט?

נתן. איך בין אין ערגעץ ניט געוועזען; איך בין אין ערגעץ ניט געוועזען... שטילער, טאָכֿטער, ניט הויבּ אויף דיין קול.

תמר. וועל איך וויינען אויפ'ן הויכֿען קול. איך וועל קלאָגען, אַז די ערד אַליין וועט צוגעהן פֿון מיין געוויין.

נתן. זאָג מיר בעסער, צי האָסטו וועמען געזעהן פֿאַרבייגעהענדיג נעבען אונזער שטוב, אַזוי אַ מענש אין די מיטעלע יאָהרען?

תמר. כֿ'האָב קיינעם ניט געזעהן, איך האָב קיינעם ניט געזעהן. מיר דוכֿט, אַז ס'איז קיינער שוין

באַלד אויף דער ערד ניט געבליבן. איינער האָט דעם אַנדערן אָהן רחמנות ביז'ן טויט פערמאַטערט. פון ווייטן זעהט יעדער אונגליק אויס נאָך טויזענד מאָל מורא'דיגער.

נתן (קוקט אין פענסטער, רעדט ווי צו זיך). ניט שטעקן־אַרויס דעם קאָפּ פון פענסטער, ווען עס דונערט און עס בליצט. אַלץ וועט אויפציטערן. אַלץ אין דער וועלט... ביז צו דער ערד וועלען זיך די הימלען אַראָבלאָזן... איצטער שטילער, שטילער... וואויל איז צו דעם, וואָס קאָן שטום זיין.

תמר. רעד עס בעסער ניט. דו מאַכסט גרעסער דעם פחד. דער טאַטע איז שוין באַלד גראָה־געוואָרען פאַר צער. זאָג מיר, דו ווייסט, ווען וועט נעהמען אַ סוף צו דער לאַנגער, אונערבאַרימדיגער מלחמה? ווער האָט עס אין די מענשען אַכזריות פערפלאַנצט?...

זיזי. וואו איז אַ מלחמה?

נתן. מיין האַרץ איז דער יאוש אַליין. מיין קינד, וואָס ווילסטו פון דעם, וואָס אין זיין האַרץ האָט זיך די נאַכט אַליין בעזעצט? דאָס האַרץ מיינע ליגט אין חושך, און וואַרט אויף דער לעצטער שעה. וואָס עס זאָל נאָר געשעהן — האָב איך זיך אַלץ אויף דעם געריכט. אויף אַלץ בין איך גרייט..

תמר (לעגט איהרע הענד אויף זיינע שולטער). ווייסט, דערצעהל מיר פון רחמנות; דערצעהל מיר פון ליעבע; דערצעהל מיר פון הייסע טרעהרען; דערצעהל מיר פון אַ שענעם ליכטיגען פריהמאָרגען, ווען דאָס טויטשרעק, וואָס הענגט איבער דער ערד, וועט שוין מעהר ניט זיין.

נתן. איך וועל דיר דערצעהלען פון דער צייט, ווען דיין טאַטע איז נאָך געווען נאָר אַ יונג קינד.

זיזי. וועל איך בעסער זיצען נעבען ווידען. (זעצט־זיך נעבן נתן'ען).

נתן. צווייען האָט זיין מאַמע געבאָרען: צוויי זיהן...

תמר. דערצעהל מיר פון דעם, ווי מענשען וועלען צוריק באַרמהערציג־ווערען... ווען מענשען וועלען



צוריק גוט און מילד זיין. זאָג ווידע, צי איז דאָס אין דיינע יאָהרען אויך אַזוי געווען?

נתן. שטילער, שטילער... ס'איז גאָר קיין נייעס ניטאָ. אַלץ איז ווי געווען. די איינענע זינד פון דעם מענשענס האַרץ, די איינענע... נאָר די שטראָף איז אַן אַנדערע. גאָט קאָן ניט שטראָפען יעדעס מאָל מיט דער אייגענער שטראָף.

תמר. איז דאָס אַ שטראָף פון גאָט, אַז מענשען זאָלען אומנעהן די אויגען מיט בלוט פערגאָסען... בייזע ווי ווילדע חיות? ווידע, איך בין גרייט צו שטאַרבען פאַר זיי. כ'וואַרט נאָך מיין טאַטערס בפהל... איך וועל אויסשפרייטען מיינע אָרעמס, איך וועל לויפען צווישען אַלע מענשען־מאַסען, איך וועל רופען מיט אַלע מיינע כחות: „האָט רחמנות, ברידער, איינער אויף דעם אַנדערן"... ווידע, מען דאַרף עס זיי נאָר דערמאָהנען.

נתן. (קוקט־זיך יעדער ווייל אום). צמאָל, אַז די מענשען זענען שטאַרק זינדיג געוואָרען, אַז די ערד אַליין, די ליעבע גוטע ערד האָט שוין ניט געקאָנט זייערע חטאים פערטראָגען — האָט גאָט אויף זיי אַראָבגעשיקט אַ מבול — און ס'איז פון אַלץ אויף דער ערד קיין זכר ניט געבליבען. נאָר גאָט אַליין האָט דערנאָך חרטה־געהאַט אויף זיינע מעשים, און ער האָט געשוואָרען, אַז מעהר וועט ער שוין קיין מבול ניט ברענגען — און ער האָט צו די מענשען אַזוי געזאָגט: פאַר אייערע גוטע מעשים וועט איהר זיך אַליין איינער דעם אַנדערן בעצאָהלען — און פאַר אייערע שלעכטע מעשים וועט איהר אויך אַליין איינער פון דעם אַנדערן מקבל־זיין אייער שכר... די שטראָף, וואָס מענשען אַליין וועלען אויף זיך ברענגען, איז נאָך מורא'דיגער ווי דער מבול אַליין: גאָט האָט אַ מבול פון וואַסער געבראַכט אויף דער ערד, און די מענשען וועלען פערפלייצען די וועלט מיט זייער אייגענעם בלוט...

תמר. ווידע, ס'איז ניט אמת! גאָטס שטראָף קאָן גאָר אַזוי שרעקליך ניט זיין. איך וועל אין זייערע הערצער דערוועקען רחמנות; איך וועל זיי פערשיכור'ן מיט מיין הייסער ליעבע.

זיזי. דערצעהל בעסער, ווידע, פון פויגעלעך,

פון מלאָכים וואָס פליהען-אום אין וואַלד ביי-נאַכט.

נתן. אָבער הער דעם סוף... ששש... שטילער... די אויגען ביי די מענשען וועלען ווערען פערגאָסען מיט בלוט, פאַר גרויס שנאה צו זיך אַליין... זייערע ציינער וועלען אויסוואַכסען שאַרף און לאַנג, ווי ביי די בייזע וועלף, וואָס בלאָנדזשען אין דער פינסטערער נאַכט און זוכען זייער רויב... עס וועלען ביי זיי אויסוואַכסען נעגעל ווי ביי די גרויסע אָדלערס, דאָס האַרץ זייערע וועט ווערען האַרט און טרוקען, און דורשטיג נאָך הייסעם מענשען-בלוט, דער מענש וועט אומגעהן און שמעקען מיט גרוים תאווה אין דער לופט דעם ריח פון בלוט. — דער טאָג איז נאָהענט, און די שעה איז גרייט. יענעם טאָג וועלען די הימלען זיין פערהאַנגען מיט אַ שווערען וואָלקען, און וואָס ס'וועט זיך טהאָן אויף דער ערד וועט דער הימעל ניט וויסען. ששש, שטילער...

תמר. ווי שרעקליך איז די שטראָף!... זיידע, עס קאָן גאָר ניט געמאָלט זיין.

נתן. מיין האַרץ זאָגט מיר נאָך אַ סך מוראָ'דיגעס... מיין קאַלט האַרץ שפירט דאָס, וואָס מיין איי-גענער מויל קאָן דאָס ניט אויסרעדען.

תמר (הערט-זיך-צו). דעם פאָטערס טריט הערט זיך קלאַפען אונרוהיג; איך געה צו איהם.

נתן (אונרוהיג). אפשר געהט ווער ווידער נעבען אונזער שטוב?

זיזי. ווי דו מיט'ן זיידען, איך געה אַרויף... כ'וועל איהם זינגען מיינע נייע לידער. —

תמר. זעצט זיך ביי איהם אויף די הענד; גלעט איהם איבער'ן קאָפּ; זאָגט איהם גוטע ווערטער.

זיזי. איך וועל איהם זינגען מיינע נייע לידער. (לויפט אַרויף).

נתן (הערט-זיך-צו).

תמר. וואָס הערסטו, זיידע?

נתן. ס'טראָגט זיך שוין אַהער זייער ברומען.

תמר. ס'איז דער ווינד, זיידע. ס'איז אַ ווינד.

נתן. ס'איז ניט דער ווינד, מיין קינד. אין ווינד ליעגט גאָטס קול... אין ווינד דערקען איך שטענדיג גאָטס קול. זיין קול שרעקט מיך קיין מאָל ניט.



קיין מאָל ניט... פון איהם בלייבט מיין האַרץ שטענדיג רוהיג...

תמר. דאָס איז דער גערויש פון די בלעטער אויף די צווייגען.

נתן. דאָס ברומען די מענשען-הערצער... דורשטיג און ווילד... דאָס ברומען וועט אַלץ שטאַרקער ווערען, גאָטס קול וועט אַלץ שוואַכער ווערען, אין דעם ווילדען ברומען וועט ער ווערען דערטרונקען. (פון ווייטען הערט זיך זיזיס קול קלינגען).

תמר (הערט-זיך-צו). זיזי שרייט... איך וועל לויפען צום פאָטער.

נתן. ניין, מיין קינד, זי זינגט עס. זי זינגט איהם דאָס ליעד פון אונשולד... דאָס איינציגע ליעד, וואָס איז נאָך פערבליבען. זאָל זי איהם זינגען, זאָל זי איהם זינגען. זיין האַרץ דאַרף עס הערען... זאָל זי איהם זינגען—און דו הער מיך. דו ביזט שטענדיג ווייט פון מיר, און מיינע ווערטער זענען דיר פרעמד.

תמר (האַלדזט איהם). זיידע, זיידע! אין מיין האַרץ איז אַזוי פיעל הייסע ליעבע בעגראָבען צו דיר, צו מיין פאָטער, צו אַלע מענשען. רעד, זיידע, רעד... איך וועל דיך הערען... איך וועל דיך הערען... זיידע, איך לאָז דיך ניט אָב!

נתן (נאָך אַ קליינע פויזע). איך וועל רעדען, איך וועל רעדען.. אין גיכען וועל איך אינגאַנצען מוזען שטום-ווערען. מיין צונג וועט מיר אינגאַנצען שטום-ווערען. איך וועל ניט האָבען צו וועמען אַ וואָרט אויסצו-רעדען... איך וועל אין וואַלד פערוואָרפען-ווערען. איינער אַליין וועל איך אומבלאָנדזען אין וואַלד, ווי אַ בוים אָבגעהאַקט פון זיינע וואָרצלען און אַרומגעבראָכען זיינע צווייגען... מיין גאַנץ האַרץ וועל איך איצטער אויסרעדען... שטילער... שטילער...

תמר (דריקט איהם פעסט צו זיך). איך וועל דיך ניט אָבלאָזען, זיידע, איך וועל דיך ניט אָבלאָזען.

נתן. מיט געוואַלד וועט מען דיך פון מיר אָברייסען.

תמר. קיינער וועט מיך פון דיך און פון מיין טהייערען פאָטער ניט אָברייסען. הערסט, זיידע? איך געהער אַלעמען! מיין האַרץ געהערט דער גאַנצער וועלט,

מיין רחמנות איז פאַר יעדער׳ן בעזונדער, און מיין ליעבע איז אויך פאַר אַלעמען ·· מיט מיינע טרעהרען וועל איך אַלעמענ׳ס וואונדען וואַשען — הערסט, זיידע? אַלעמענס!

נתן. ביזט גערעכט, מיין קינד, ביזט גערעכט. דיין האַרץ איז ריין און גוט, כשר און אונשולדיג — אָבער בלויז שטראָף צו פערנעהמען ביזט דו אויף דער וועלט אָנגעקומען. און איך וועל אומבלאָנדזען אין וואַלד; שטום וועל איך זיין...

תמר. זיידע, וואָס רעדסטו, ווער וועט דיך דאָס אָנריהרען?

נתן. מיין אייגענער זוהן וועט אין מיין האַרץ ויינע נעגעל שטעקען.

תמר. מיין פאָטער?... מיין פאָטער? זיידע, וואָס רעדסטו? מיין פאָטער, וואָס זיין האַרץ רייסט-זיך פאַר די מענשליכע ליידען, ער וועט דיך?... איך גלויב עס ניט! איך גלויב עס ניט, זיידע!

נתן. דיין טאַטע איז גוט ווי אַ טויב. ווייל אַזוי האָט ער זיך אויף דער ליכטיגער וועלט בעוויזען. אָבער צו איהם איז נאָך אַ ברודער געבאָרען־געוואָרען — אַ אינגערער.

תמר. וואו־זשע איז ער?

נתן. כ׳האָב וועגען איהם ניט גערעדט.

תמר. דער פאָטער האָט אויך וועגען איהם קיין מאָל ניט דערמאָהנט.

נתן. דיין טאַטע האָט אויך געהאַט פחד פאַר איהם. (רעדט שטיל, ווי ער וואָלט איהר איבערגעגעבען אַ וויכטיגען סוד). אונטער איין האַרץ האָט זייער מאַמע צווייען געטראָגען: דיין באַרמהערציגען טאַטען, און אין אַ צייט אַרום — איהם. אונטער איין האַרץ געלעגען. פון איין מילך געזויגען — נאָר ניט אין איין געשטאַלט האָט זיי ביידען, דער וואָס אין הימעל, בעשאַפען. גאָר אַנדערע אויגען האָבען ביי זיי פון אונטער׳ן שטערן אַרויסגעקוקט. דיין טאַטע איז גוט ווי אַ מלאָך געבאָרען־געוואָרען. און זיינע אויגען האָבען ווי די אויגען פון אַ טויב אונשולדיג געקוקט. און זיין ברודער איז בייז ווי אַ שלאַנג געווען, גלייך פון זיין געבאָרענס-טאָג אָן.. זיינע אויגען האָבען שאַרף ווי אָדלער-אויגען אויסגעזעהן. פון



זיי האָט העלישעס פייער געשלאָגען — מיר האָבען פאַר זיין בליק פחד בעקומען.

תמר. זאָג מיר וואו איז ער, האַ? וואו איז ער?

נתן. נאָך אין דער יוגענד, נאָך גאָר אין דער יוגענד איז ער נעלם געוואָרען. עס זענען איהם פליגעל אויסגעוואַכסען·· ער האָט מיט אַמאָל געהן און פליהען אָנגעהויבען, און נאָך גאָר אין דער יוגענד איז ער פון מיר פערפלויגען. ער איז נעלם געוואָרען. נאָר איך האָב ניט פערגעסען און איך קאָן איהם ניט פערגעסען. זיינע שאַרפע בליקען זענען דאָ געבליבען. זיינע שאַרפע אויגען זענען אין זיין וויעג=בעט פערבליבען·· דאָס איז דער בעסטער צייכען, אַז ער לעבט. קיין לעבעדיגען פערגעסט ניט דאָס האַרץ, קיין מאָל פערגעסט ניט דאָס האַרץ·· ער לעבט··ער לעבט··

תמר. ער איז געשטאָרבען, אויב אַזאַ לאַנגע צייט האָט מען פון איהם ניט געהערט.

נתן (אונרוהיג). איך האָב צופיעל אָנגעהויבען טראַכטען וועגען איהם. ער בעווייזט=זיך מיר פאַר מיין געדאַנק. איך זעה איהם, ווי ער איז אַ גרויסער אויס=געוואַכסען, באַלד אין דיין טאַטענס יאָהרען·· ער איז ערגיץ נאָהענט אַרום אונזער שטוב·· ער טראָגט אונגליק מיט זיך··

תמר. וואָס רערסטו, זיידע? וואָס רעדסטו, זיידע? (קליינע פויזע).

נתן. וואָס טרייבט איהם אַהער? ער וועט מיט זיינע נעגעל מיר דאָס האַרץ רייסען·· איך וועל מיט אַ צוריסען האַרץ אין וואַלד אומבלאָנדזשן··

תמר. זיידע. איך וועל דעם אָדלער׳ס נעגעל צאַרט מאַכען. איך וועל מיט מיין ליעבע זיינע שאַרפע בליקען ווייך מאַכען.

נתן. (שטעלט=זיך). מיר דוכט, אַז עמיצער איז ווידער פאַרביי דער שטוב געגאַנגען.

תמר. איך גנה זעהן, ווער איז דאָרט.

נתן. איך הער דעם רוישען פון זיינע פליגעל·· איך שפיר זיינע שאַרפע נעגעל··· (מאַכט מיט׳ן האַנד) דער יאוש אין מיין האַרץ·· ער פערבר־טערט זיין ממשלה·· דער יאוש אַליין··

תמר. זיידע, בערוהיג=זיך. איך וועל איהם

אין מײַנע אָרעמס אַרײַנכאַפּן... איך װעל מײַן האַרץ פֿאַר זײַנע נעגעל אױסשטרעקן.

זיזי (לױפֿט אַראָפּ). איך האָב דורכ׳ן פֿענסטער געזעהן יענעם מענשען. ער געהט גלײַך צו אונזער שטוב.

נתן (פֿעסט). איצטער איז מײַן צײַט געקומען. (אַלע בלײַבען שטעהן אין אַן אָנגעשטרענגטער פּאָזע. קוקען צום טהיר װי זײ װאָלטען װאָס ערװאַרטען).

הימן (קומט־אַרײַן, בלײַבט אַ װײַלע שטעהן בײַ׳ם שװעל. בעמערקענדיג נתן׳ען געהט ער צו צו איהם. תמר און זיזי שטעהען בײַדע האַלב צושאָקען, האַלב פֿערװאונדערט).

הימן (נעהמט־אַראָפּ דעם אַלטען און קוסט איהם אױפֿ׳ן קאָפּ). ביזט שױן גראָה און אַלט געװאָרען, פֿאַר צרות געבױגען. נאָר איך האָב דיך גלײַך דערקענט — ביזט מײַן פֿאָטער!..

נתן (בעפֿרײַט־זיך). איך האָב דײַן אָנקומען געשפּירט (זײַן קול ציטערט). איך בין דײַן טאַטע, און די ביזט מײַן זוהן... יאָ, דו ביזט מײַן קינד.

הימן. געדענקסט מיך נאָך?

נתן. איך געדענק דיך... איך האָב דיך געדענקט, און מײַן האַרץ איז ניט גאַנץ רוהיג געװען. נאָר דו האָסט מיט דײַן קומען אין מיר כחות אױפֿגעװעקט, איך זאָל רוהיג פֿון דאַנען אַװעקגעהן.

הימן. פֿאָטער מײַנער! די עלטער האָט דײַן שטאָלצקײט ניט צובראָכען — װאוהין אָבער האָט די צײַט דײַן בליק פֿערטראָגען?...

נדב (קומט אַראָפּ, װאַרפֿט־זיך הימן׳ען אױפֿ׳ן האַלדז). דאָס ביסטו מײַן ברודער! מײַן ברודער... (קוקט איהם גלײַך אין פּנים) דאָס ביסטו מײַן ברודער: נאָך זיכערער איז געװאָרען דײַן בליק. נאָך רוהיגער איז דײַן גאַנצער אױסזעהן געװאָרען!

הימן. איך האָב אײַך שױן ניט גערעכענט דאָ צו טרעפֿען. איך האָב געמײנט, אַז לאַנג האָט שױן דער בלוטיגער שטראָם פֿערטראָגען מײַן װיעג־בעט מיט אײַערע בײנער. (בעװײַזט אױף תמר׳ן און זיזי׳ן) דאָס זענען דײַנע קינדער (גריסט זײ). בײדע, מײַן ברודער, אין דיר געראָטען.

נדב. אין אַ שװערע צײַט זענען זײ מיר אױס־



געװאַכסען. װי קומסט דו אַהער? װי האָסט דו זיך דערשלאָגען?

הימן. דאָס װאָס װערט אױף דער ערד געבאָרען מוז סוף־כל־סוף װען ס׳איז װידער אױף דער ערד פֿערבלאָנדזען. איך בין לאַנג, לאַנג אומגעגאַנגען אַרום אײַער װאָהנונג. ניט אײן מאָל האָב איך אין אײַערע פֿענסטער אַרײַנגעשױט. נאָר כ׳האָב ניט געװאַגט אײַער רוה צו שטערען. איך האָב אײַך אַלעמען גוט געקענט. דײַנע קינדער זענען אױסגעװאַכסען פֿאַר מײַנע אױגען, דו ביזט אין דרײַען געבױגען־געװאָרען, און אױף אונזער פֿאָטער איז די עלטער אָנגעשפּרונגען.

תמר. איך האָב קײן מאָל ניט געהערט מען זאָל אין שטוב רעדען...

נתן. אױף דײַן פֿאָטער איז די עלטער אָנגעשפּרונגען... װען דײַן טאַטע איז געבאָרען־געװאָרען האָט איהם אַ מלאך מיט אַ חוזק־שמײכעל אָנגעװיזען אױף אַ גרױסען מדבר, און װעלכען ס׳האָט אײן מענש עלענד אַרומגעבלאָנדזעט, צו דער ערד זײַן קאָפּ געזונקען, און האָט געזאָגט: אַזױ עלענד און פֿערביטערט װעסטו אין לעבען צװישען דײַנע אײגענע געדאַנקען... אומבלאָנדזען...

הימן. איך בין דײַן קינד. איך בין שטאָלץ מיט דעם. דו ביזט דײַן גאַנצען לעבען אַלײן געגאַנגען. און ביז צו דער לעצטער מינוט װעסטו אַלײן געהן. איך האָף גאָר ניט, איך זאָל קאָנען דיך פֿערנעהמען מיט־זיך (שװײַגט אַ װײַלע). אײַער װאָהנונג שטעהט אײנזאַם אין װאַלד. דאָך זעה איך פֿאָראױס, אַז אין גיכען װעט אײַך אױך פֿערשלעפּען מיט־זיך דער אומגעלומפּערטער נאַסען־טאַנץ. איך װעל איבעררײַסען דעם פֿערבאַנד צװישען אײַך מיט...

נתן (רײַסט־איהם־איבער). מײנסט מיך פֿון מײַן אָרט צו ריהרען? נאָך דעם װי איך האָב אײַך געבאָרען האָב איך זיך פֿון אַלץ מיאש געװען. קוקענדיג מיט אָפֿענע אױגען, האָב איך זיך מיאש געװען. איך בין דער יאוש אַלײן. װאו איך זאָל ניט געהן, זעה איך אַלץ דעם װיסטען מדבר און דעם מידען װאַנדערער.— שטום װעל איך זײַן... שטומען דאַרף איך...

הימן. פֿאָטער מײַנער! איך װײס, אַז אומזיסט

איז מײן מרחה... נאָר דער יונגנד··· און אפשר מײן ברודער װעל איך אויך מיט זיך...

נדב (כאַפּט איהם פאַר׳ן האַנד). איך זאָל געהן מיט דיר?... אויב דו האָסט אין דײן לאַנגען אומװאַנ-דערן דעם אמת׳ן װעג געפונען, װי אַזוי זיך בעפרײען פון דעם מורא׳דיגען נעץ, אין װעלכען דאָס גאַנצע לעבען איז פערפלאָנטערט, דאַן, ברודער, געה איך מיט דיר... האָסטו געבראַכט דעם סוד װי צו צװינגען די מענשען, אַז זײ זאָלען זיך חאַטש אויף אײן װײלע אָבשטעלען, און אַרומזעהן-זיך— דאַן, ברודער, געה איך מיט דיר... אין יענער רוהיגער רגע קאָן מען אַלץ געװינען. אײן געשרײ: „האַלט־אָב, איהר מענשען! װאָס טהוט איהר?" װאָלט דעם גאַנצען לעבען אויפ׳ן װעג צום אײביגען גליק געפיהרט... נאָר אָט די װערטער זאָלען אַלע הערען... אַלע פון דעם עלטסטען ביז דעם אינגסטען... דאַן, ברודער מײנער, געה איך מיט דיר··· דער געטליכער געדאַנק בלאָנדזעט נאָך געװיס אום צװישען די מענשען; ס׳גליהט נאָך בײ זײ אַ פערבאָרגענער פונק טיף אין האַרצען בעגראָבען. דאָס זאָגט עדות זײער שטאַרקער װוּנש.מען מוז אָבער פריהער דעם גליקליכען װעג געפינען, און דערנאָך קומען צו זײ און זאָגען: „דאָס איז דער װעג, װאו איהר, מענשען, זאָלט געהן: דאָס איז די זון, װאָס װעט אײער װעג בעלײכטען!..."

הימן. דו פערבלאָנדזעסט, מײן ברודער! דײנע אײגענע געדאַנקען פערפיהרען דיך···

נדב. איך דערקען דעם אַמאָליגען שמײכעל אויף דײנע ליפען. דו װעסט אײנער בלײבען, און פון אַלץ לאַכען, און איך װעל אײנער בלײבען, און מײן האַרץ װעט פאַר אַלעמען טראָגען אײביגע שמערצען. דײן האַרץ איז האַרט װי שטאָהל, און שאַרף װי אַשפיז··· מײן האַרץ איז אײביג אין שטורם, און אונטער אַ פײערדיגען האָגעל איז מײן לעבען··· יעדער אויגענבליק צופלאַקערט-זיך מײן געדאַנק. געטליכע פלאַמען װינקען צו מיר פון װײטען, און איך זעה זײ קלאָר··· איך זעה זײ נאָהענט··· איך מײן, אַז אָט־אָט האָב איך שוין דעם אמת׳ן װעג געפונען··· איך געה אַרוים אין לעבען—··· איך שפרײז גלײך צום שלאַכט-פעלד, און פאַר מײן געשרײ װעט די



גאַנצע מענשהײט שטיל װערען — אַלע, אַלע, פון גרעס-טען ביז דעם מינדעסטען, װעלען מײנע װערטער הערען··· אַלע הערצער װעלען זיך מיט אײן מאָל אויפפראַלען, און זײ װעלען מײנע רײנע אַרײנדרינגען··· פּלוצלינג יאָגט־זיך־דאָן אַ װאָלקען פון אַן׳אַנדער זײט, און פערטראָגט אַלע מײנע חלומות!...

תמר (געהמט־אַרום נדב׳ן). װאָס רעדסט דו, ליעבער פאָטער! האָב ניט חרטה פון דײנע פריהערדיגע װערטער··· איך פערשטעה זײ אַזוי גוט. זײ בעװעגען אַזוי מײן האַרץ, זײ װעקען אַזוי מײן נשמה: — „מיט רחמנות, מיט הײסע ליעבע"··· אַזוי האָסטו דאָך מיך געלערענט, פאָטער מײנער! איך בין שוין גרײט צו געה טהאָן װאָס דו הײסט··· פאָלג מיך; אַלע מענשען װעלען מיך צו־הערען.

הימן (געריהרט). דו, מײן ברודער, שיקסט דײן קינד פאַר אַ קרבן? דאָס װאָס איז שען, דאָס װאָס איז רײן, האָבען שוין די מענשען לאַנג מיט זײערע פרעכע פיס צוטראָטען. זאָג מיר: פאַר װעמענס זינד װילסטו קרבנות מקריב זײן? פאַר דײנע? אפשר פאַר דײנע קינדערשע חטאים? (צו נתן׳ען) אפשר דו, פאָטער, פאָדערסט אַ קרבן צו דער עלטער?···

נתן. איך בין שטום··· מײן צונג דאַרף שטומען···

תמר. איך אַלײן, איך אַלײן··· דער פאָטער — ער שיקט מיך ניט. איך אַלײן װעל לױפען און װעל מיט מײנע אָרעמס דאָס פײער לעשען!—

הימן. װיעסט אין דעם פײער פערברענט־װערען··· איהר אַלע װעט פון אַזאַ װעג זיך צוריק ניט אומקעהרען··· (אַ דריקענדע פּויזע).

נדב. צי קאָן איך זאָגען אויף די האַנד, אַז זי איז ניט מײנע? װען מען שנײדט זי—קלעמט מיר מײן האַרץ··· צי קאָן איך זאָגען אויף די אויג, אַז זי איז ניט מײנע, װען בײ יעדען בליק װעקט זי מײן געדאַנק··· צי קאָן איך זאָגען אויף דעם קאָפּ, אַז ער איז ניט מײנער?··· צי קאָן איך זיך אָבזאָגען פון לעבען?··· איך בין אויף דער׳ער געבאָרען־געװאָרען, און אין איהר שוים אויסגעװאַכסען. (קלאַפּט זיך אין ברוסט) מײן האַרץ רײסט מען, מײן קאָפּ ברענט, מײן בלוט

פליסט... און איך, מיט אלע מיינע כחות מוז שרייע „האלט! האלט!״ איך וועל שרייען ביז מיין געראנק וועט מיך ניט אבנארען און פערלאזען... איך וועל שרייען ביז מיין צונג וועט מען פון מיין מויל ניט ארויס־רייסען... קום צו מיר אויבען, וועסטו זעהן דורכ'ן פענסטער וואס אויף דער ערד טהוט־זיך, און וואו דער בלוטיגער שטראם האלט שוין (געהט־ארויף צו זיך).

הימן. דער שטיינערנער בארג שפירט איך, ווען א שטראהל שלאגט־דורך זיין ברוסט... ער בעוועגט־זיך ווי פון שטארקען פיבער... (טראכט א ווײלע) איך וועל געהן צו איהם אויבען; איך וועל איהם בעווייזען, אז דעם גאנצען לעבען זיינעם האט ער נאר דורך איין פענסטער'ל געקוקט... (געהט ארויף).

תמר (בלייבט שטעהן אויף איהר ארט, דער קאפ אויפ'ן ברוסט געהאנגען, שטארק פערטראכט).

נתן. ווען אדלערס לאזען־זיך־אראב אויף דער ערד — דעמאלט מוזען זיך מענשען אין די וועלדער בע־האלטען. (געהט־ארויס).

זיזי. ווידע, איך געה אויך מיט דיר! (געהט־ארויס אונטערטאנצענדיג).

תמר (בלייבט אליין שטעהן אין איהר פריהער־דיגער פערטראכטער פאזע).

פארהאנג.





# צווייטער אקט

א קליין, גרין בערגעל. רעכטס א שיטער סאסנאווער וועלדעל, דורך וועלכען עס זעהען־זיך ארויס פאסען היטעל, וועלכער איז פורפור רויט פון זון־אונטערגאנג. לינקס, א גרויסער געדיכטער וואלד. פון וייטען, רעכטס, זעהט־מען נדב'ס הויז ארומגערינגעלט מיט הויכע טאפאליען.

---

נתן (ווי ער וואלט זיך ארויסגע'גנב'עט פון וואלד. שטעהט־זיך אונטער א בוים און קוקט צום שטוב. שאקעלט מיט'ן קאפ). איינזאם... איינזאם... איינזאם... ביז צום טויט איז נאך ווייט, און איך בין שוין אין וואלד פערווארפען. תמר בלאנדזעט צווישען צוויי מאננעטען, און זיזי איז נאך אזוי יונג, אז צווישען די גרינע בלעטער ווערט זי פערפאלען (קוקט נייגעריג).

זיזי (בעוויזט־זיך פאר'ן שטוב.

נתן (בעמערקט, ווינקט צו איהר). זיזי! זיזי!

זיזי (בעמערקט נתן'ען. זי לויפט צו איהם).

נתן. זי איז נאך גאר יונג און אונשולדיג: אפשר וועל איך איהר קאנען מיט זיך פערפיהרען... אפשר איז דאס דער גלייבער וועג פאר איהר?...

זיזי (לויפט און שרייט). ויידע! ויידע!

נתן. ניט שריי, ניט שריי אזוי, מיין קינד.

זיזי. וואו ביזט דו געוועזן, ויידע? איך האב אזוי געבענקט נאך דיר. כ'האב דיך אומעטום געזוכט; צווישען אלע ביימער, אין אלע ווינקעלעך.

נתן (גלעט איהר קאפ). כ'האב דיך ליעב, כ'האב דיך ליעב, מיין קינד, דו בענקסט... בענקען... בענקען...

זיזי. פארוואס ביזט דו אוועק פון שטוב, ויידע?

נתן. אין וואלד איז שענער. אין וואלד איז רוהיגער... האסט דעם טאטען דיינעם געזעהן, מיין קינד?

זיזי. ווילסט איהם זעהן? בענקסט נאך איהם? איך וועל איהם געהן רופען. גוט, ויידע? איך וועל

איהם געהן רופֿען. תמר בענקט אויך נאָך דיר. דער טאַטע בענקט אויך ... אַלע בענקען ... איך האָב היינט שוין געהאָלט וויינען.

נתן (פֿערקלערט). ווי בענקען ... ווי בענקען... (זעצט זיך. שלעפּט מיט זיך זיזי׳ן).

זיזי. דו שרעקסט זיך אויך, ויידע? פֿאָלג מיר, שרעק זיך ניט פֿאַר איהם. ער איז אַזאַ גוטער. פֿאַרוואָס האָב איך פֿאַר איהם קיין מורא ניט? איך בין געזעסען אויף זיין האַנד, און ער האָט מיר אַ מעשה דערצעהלט.

נתן. וואָס האָט ער דיר דערצעהלט?

זיזי. איך געדענק שוין ניט, וואָס ער האָט מיר דערצעהלט... זאָג מיר, ויידע, וואוהין וויל עס תמר לויפֿען?.. וואָס איז דער טאַטע אומעטיג?

נתן. ניט פֿרעג, ניט פֿרעג. בעסער איז, אַז דו ווייסט גאָר ניט; וואויל איז צו דיר, אַז דו ווייסט ניט, וואָס אַרום טהוט זיך. (נאָך אַ קורצען שווייגען). מיין קינד, איך וועל דיך נעהמען אין וואַלד, ועסטו הערען ווי די פֿייגעל זינגען...

זיזי. און איך וועל באַלד אַליין זינגען, ווי אַ פֿייגעלע זינגט (זינגט. שטיפּט מיט׳ן אַלטען).

נתן (קוקט=זיך=אַרום). ווילד ביזטו, מיין קינד, ווילד ביזט דו. ווי גאָר ניט צום ליידען האָט נאָט בעשאַפֿען דיין גוף מיט דיין נשמה. ווי גאָר ניט פֿאַר דער וועלט, ניט פֿאַר די יאָהרען ביזטו געבאָרען=געוואָרען.

זיזי (קוקט=איהם=אָן. רייסט גראָז און לעגט איהם אוים אויפֿ׳ן קאָפּ, אויף די שולטער. נתן מערקט ניט). (פּויזע).

נתן (צושטרייהט). עס פֿיטערט=זיך די סטאַדע לעמער אין גרינעם טהאָל, זי געהט זוכען איהר חיונה אין דעם ווילטען מדבר — צי ווייס זי דען, אַז דאָרט שאַרפֿט פֿאַר איהר אַ וואָלף זיינע צייהנער? צי זאָגט עס איהר דאָס האַרץ?.. צי חלום׳ט עס איהר בעת זי דרעמעלט?..

זיזי. ויידע, צו מיר רעדסטו עס?

נתן. צו דיר... צו זיך אַליין... צום וואַלד, צו די ביימער, צו דער ערד... (צושטרייהט). עס רוהט דאָס קינד אין שטאַרקען שלאָף. צי ווייס עס דען,



אַז די שטאָרם איז בעלענערט? צי שפּירט דען דאָס האַרץ, אַז פֿאַר איהם שאַרפֿט=זיך אַ שפּיז? (קוקט=זיך=אַרום). עס שטעהען די ביימער און קוקען מיט גאוה אין הימעל אַריין... איך הער, אַז מען שאַרפֿט שוין די זעג... איך הער, אַז אין יענעם עק וואַלד פֿאַלען שוין שפּענער.

זיזי. ויידע, מען וועט דעם וואַלד ניט האַקען, מען וועט איהם ניט האַקען — איך זאָג דיר, אַז מען וועט איהם ניט האַקען!

נתן. די כמאַרע, וואָס רוקט=זיך=אָן, איז גאָר ניט פֿון דער זייט, וואָס איך האָב געדערוואַרט. נאָר צי קאָן איך זי פֿערהאַלטען, ווען אַפֿילו גרוים, ווי מיין האַנד זאָל זי זיין...

זיזי. ויידע! איך געה אַוועק פֿון דיר; איך לויף אַהיים.

נתן. איך געה מיט דיר, באַלד געה איך. ווען מען וויל זעהן די רעכטע שקיעה, דאַרף מען אין טהאָל ניט זיצען. מען טאָר אין טהאָל ניט זיצען. איך האָב שוין מיינע פֿים אויסגערוהט. איצטער וועל איך פּרובען עטוואָס העכער זיך=אויפֿצוהייבען. אויב איך וועל די רעכטע שקיעה זעהן, וועל איך וויסען וואָס פֿאַר אַ טאָג מאָרגען וועט זיין (דער וואַלד ווערט פֿערפֿלייצט מיט אַ פּורפּור=פֿאַרב פֿון דער שקיעה).

זיזי. אויפֿ׳ן באַרג, ויידע, מיינסטו? אויפֿ׳ן באַרג געה איך אויך מיט דיר. אויפֿ׳ן באַרג געה איך אויך. אָבער דו זאָלסט מיך דערנאָך פֿיהרען אַהיים...

נתן. אין מזרח=זייט איז שוין דער וואַלד מיט אַ בלאָה=פֿאַרב אָבגעגאָסען — ניט ווייט איז שוין צו דער שקיעה... (הערט=זיך=צו).

זיזי (מערקט זיין אונרוהיגקייט). זאָג, ויידע, וואָס שרעקסט=דו=זיך? איך וועל מיט דיר ניט געהן, אויב דו שרעקסט-זיך.

נתן (קוקט צום שטוב). איך געה מיט דיר. איך געה מיט דיר...

זיזי. ויידע! ווי דו אַן׳אַלטער פּאַסטוך, און איך וועל זיין אַ קליינע, ווייסע שעפּסעלע; וואו דו וועסט געהן, וועל איך דיר נאָכלויפֿען. און טאָמער וועט מיר וועלען אַ וואָלף צוררייסען, וועל איך זיך בעהאַלטען

אונטער דיינע פֿאָלעס, ווי אַ קליין שעפּעלע, און איך וועל שרייען מע — מע—ע!

נתן (הויבט=זיך=אויף). קום, מיין קליין שעפּעלע, קום, איך וועל דיר לערנען ווי אַזוי פֿון אַ וואָלף זיך=צו=היטען. קום, איך וועל דיר לערנען, אַז דו זאָלסט פֿון דער שקיעה פֿערשטעהן וואָס פֿאַר אַ טאָג מאָרגען וועט זיין. (נעהמט אַוועק).

זיזי (שפּרינגט איהם נאָך און מעקעט ווי אַ יונג שעפּעלע).

(פּויזע).

תמר (געהט-אַרויס פֿון שטוב און פֿערנעהמט זיך צום וואַלד).

הימן (ערשיינט פֿון וואַלד, און פֿערנעהמט איהר דעם וועג).

תמר (בעמערקט הימן'ען. וויל איהם אויסמיידען).

הימן. וואַרט; ניט אַיילזיך.

תמר. לאָז מיר געהן מיין וועג,

הימן. וואוהין געהסט דו?

תמר. איך געה דאָרט, וואו מיין נשמה רייסט זיך שוין אַזוי לאַנג. די לעצטע מינוט איז אָנגעקומען. היינטיגע נאַכט מוז אַלץ געשעהן. איך קאָן שוין מעהר ניט וואַרטען.

הימן. דיין פֿאָטער שיקט דיך?

תמר. דעם פֿאָטערס ווילען איז אויך מיינער. נאָר אויב אפילו ער זאָל חרטה האָבען — צוריק וועל איך שוין ניט געהן. קיין זאַך אין דער וועלט וועט מיר צוריק ניט טרייבען.

הימן. דיין פֿאָטער האָט דיך פֿערפֿירט, און אין מיט'ן וועג האָט ער דיך אַליין געלאָזען. ער האָט מיט זיינע צאַרטע נעגעל דיין האַרץ אין וואונדען געמאַכט... וואוהין טראָגסטו דיין לעבען?

תמר. ניין, מיין פֿאָטער איז שטאַרק; מיין פֿאָטער איז מעכטיג. נאָר אין זיין האַרץ שפּילען=זיך=אָב פֿייער מיט וואַסער אינאיינעם; אין זיין האַרץ שפּילען=זיך=אָב די גרעסטע אונגליקען און שמערצען, דעריבער קאָן ער ניט רוהען... איך בין אַ שאָטען פֿון מיין פֿאָטער, נאָר אין מיר פֿלאַקערט נאָך דערצו די יוגענד אַליין... יוגענד, און יסורים, ווי דער ים ווילד





און ברייט. מיין האַרץ האָט שטענדיג געליעבט, און געטראַכט פֿון מיין פֿאָטער... וועלכער ליידט פֿאַר אַלעמען. מיין יונג בלוט שטורמט, זעהענדיג, ווי ביי איהם בייטען=זיך די פֿאַרבען אין פּנים פֿאַר אינערליכע יסורים. איך האָב מיט איהם געליטען צוזאַמען... און איצטער ווייס איך מעהר ניט אײנס — דאָס, וואָס פֿון זיין האַרצען האָב איך אויסגעשעפּט: איך דאַרף לויפֿען און פֿאַלען צו די מענשענס פֿיס, און מיט טרעהרען בעטען: „וואַרפֿט אַוועק אַלטע ברידערליכע מלחמה!"... איך וועל אין זיי דערוועקען אַ ים ליעבע, און רחמנות... איך בין גרייט מיין ברוסט צו שטרעקען, מען זאָל זי מיט'ן שפּיז דורכלעכערן... נאָר ניין! ס'וועט קיין מאָל ניט זיין... דאָס האַרץ, וואָס טראָגט פֿאַר זיי ליעבע, וועלען זיי ניט ריהרען... (טראַכט אַ ווייל) קום אויך מיט מיר — קום... פֿערשטעה מיך... פֿיהל מיך... צי פֿיהלסטו גאָר ניט, וואָס איך רעד צו דיר?... קום, העלף מיר ברענגען אויף דער ערד דעם שעהנעם פֿריה=מאָרגען.

הימן. קינד מיינס! ניט דו מיט דיינע טרעהרען וועסט דעם שענעם פֿריהמאָרגען ברענגען... ווען אפילו טויזענדער שוועסטער צו דיר זאָלען ווײנען אָנהויבען, וועט דערפֿון מעהר ניט ווערען, ווי אַ טרויער=כאָר, צו דעם מיאוסען נסיסה=טאַנץ. איך בין געקומען דיין לעבען מציל זיין... (כאַפּט איהר פֿאַר'ן האַנד) איך ליעב דיך, וויל דו ביסט אויסגעוואַקסען אין דעם נעסט, וואו איך האָב מיין יוגענד פֿערבראַכט... קום מיט מיר!

תמר (קוקט=איהם=אָן צושטרייהט אין די אויגען).

זאָג, וואָס האָט דיך געבראַכט אַהער, אין דער מינוט? זאָג, וואָס?.. הינטער דיר געהט דאָס אונגליק נאָך... ערווייטער=זיך פֿון דאַנען...

הימן. מיין האַרץ האָט געבענקט... פֿערשטעהסט? אַהער האָט עס געבענקט... אַלץ אין דער וועלט בענקט... נאָר ניט מיט אַ בענקעניש פֿון אַ צופֿעלטען הערבסט=בלאַט, וואָס רייסט-זיך צו דער ערד אין איהר שוים איננאַנצען צו דערפֿוילען, האָט מיין האַרץ געבענקט... עס בענקט דער שטראַהל אויפ'ן זונען=ברוסט און רייסט-זיך אַראָב, צו דעם שלאַנקען ליליען=בעכער; עס בענקט די בלום אין גרינעם טהאָל און

ציהט=זיך צו די שטראַהלען אין הימעל אַריין. עס בענקט די גאַנצע ערד צום הימעל... דאָס שענסטע און דאָס רייכסטע אונטער'ן הימעל ווערט דורך בענקשאַפט געבויט... עס בענקט דער ריזינער באַרג, צורייסט זיך פאַר בענקעניש, און שליידערט שטיקער פון זיין ברענענדיג=האַרץ ביז אין הימעל אַריין, פערפליצט מיט פייער דעם גאַנצען געגענד אַרום זיך... מיין האַרץ האָט געבענקט מיט גלוטה און מיט פלאַמען; מיין האַרץ האָט געבענקט מיט ווילדען שטורם, וואָס פערטראָגט ים'ען, און ברעכט אייביגע וועלדער...

תמר (געוועלטיגט שוואַכער מיט זיך). הער מיך אָבער אויס. איך וועל דיר אַלץ דערצעהלען. הערסט, פון וואַנען איך געה. איך האָב זיך פער'גנב'עט אונטער'ן באַרג, זעהן פון וויטען, וואָס עס טהוט=זיך. נאָר דער ים פון טרויער גרייכט שוין באַלד אונזער באַרג. עס טרינקען=זיך מענשען אין זייער אייגען בלוט... ראַנגלען-זיך... הער, ווי שרעקליך עס איז... קום מיט מיר... קום... אפשר האָט שוין דער פאָטער אויך חרטה געהאַט. טאָ קום=זשע דו מיט מיר... און אויב ניט, לאָז מיך, איך געה אַליין. איך וועל אַליין געהן זינגען צווישען מענשען די אייביגע ליעבעס-ליעד. איך וועל זי פון מיין צוועהטאָגט=האַרץ זינגען — לאָז מיך!.. וואָס ביזטו געקומען אַהער?... לאָז מיך!

הימן (האַלט איהר האַנד פעסט צו זיין ברוסט געדריקט). מיין קינד! הויך אין ברייטען ים, שטעהט איינזאַם אַ וואונדערשענער אינזעל... מיט טוי=פייכטע אויגען זיצט דאָרט דער יונגער קעניג אויף זיין הויכען שטאָלצען טראָהן און בענקט, און וואַרט — אויף דער יונגער הערצענס-קעניגין... אָנגעטהון אין איהרע גרינע סאַמעט=קליידער שטעהט דאָרט די גאַנצע נאַטור איבערגעצויגען מיט אַ לייכטען שלייער און בענקט איינזאַם מיט'ן יונגען קעניג... ער האָט די וועלען פערשוואָרען, זיי זאָלען איהם פון דער אייגענדליכער וויטקייט זיין געליעבטע ברענגען... טראָגען זיך די וועלען, איינער דעם אַנדערן איבעריאָגענדיג און צושלאָגען=זיך מיט ליאַרעם אָן ברעג... זיי קאָנען זיין פערלאַנג ניט ערפילען... ער האָט בעגינען אַ'ן מאָרגענשטערן די לבנה בעשוואָרען, זי זאָל איהם זיין געליעבטע ברענ=



גען... מיט אַ בלאַס פערשלייערט פנים איז ווידער די לבנה אין מזרח=זייט אויפגעגאַנגען... זי האָט זיין בעגעהר ניט ערפילט... ער האָט ביי דער שקיעה די זון בעשוואָרען, זי זאָל איהם זיין געליעבטע אויפזוכען. — זעה, עס בלאָנדזען=דאָ=אום צווישען די ביימער די זונען=שטראַהלען... זיי זוכען די יונגע קעניגין... זעה, זיי זוכען דיך... פערלאָז דיין היים, דו יונגע קעניגין! ביז וואַנען דער לעצטער זונען=שטראַהל וועט זיך ניט אויסלעשען...

תמר. ווי האַרט איז דיין האַרץ! האַרט און בעז. לאָז מיך! איך האָב מורא פאַר דיר... געה אַוועק: פערלאָז אונזער שטוב... איך האַס דיך... איך האַס דיך! אין דיינע אויגען ברענט אַ ווילדער פייער; איך האָב מורא פאַר איהם... לאָז מיך צוריק צו מיין פאָטער. זיינע אויגען זענען ווי ביי אַ טויב מיט ליעבע און רחמנות פול. איהם פערשטעה איך... איהם פיהל איך.

הימן. דיין פאָטערס ליעבע איז שוין לאַנג מיט גיפט צומישט... דיין פערלאַנג איז נאָך נאַרישער פאַר זיינעם.

תמר. איך האַס דיך, ווי די בעזע שלאַנג. דיינע אויגען ברענען, ווי ביי אַ בעזער שלאַנג.

הימן. מיינע אויגען זענען בעלויכטען פון מיין האַרצען, און מיין האַרץ איז בעלויכטען פון דער זון, וואָס געהט=אויף יעדען טאָג אויף די שפיצען פון די העכסטע בערג, וואוהין וואָלקענס קאָנען זיך קיין=מאָל ניט פערקלייבען... וואַרט, איך וועל דיר זינגען די וואונדער=שענע ליעד, אין וועלכער ס'וועט זיך=אָבשפיגלען מאָרגענדיגער זונען=אויפגאַנג...

תמר (בעט איהם). אָבער הער מיך אויס... הער, וואָס איך רעד צו דיר... צי קאָנסטו מיינע ווערטער ניט פערשטעהן? הער מיך אויס... צי ווייסטו גאָרניט פון דעם, וואָס עס טהוט זיך אַרום מיט די מענשען?.. זייער נשמה רייסט=זיך. עס פעהלט זיי ליעבע... עס פעהלט זיי רחמנות... מען דאַרף זיי עס נאָר דערמאָהנען, קום מיט מיר!.. די גאַנצע ערד וועט ליעבע און רחמנות איינהילען. הערסט, ווי מלאָכים וועלען די מענשען ווערען.

הימן. רחמנות, חאַ—חאַ—חאַ! ווערים האָבען עס אויסגעקלערט... ליעגענדיג אונטער די פיס צוטראָמען, האָבען זיי מיט טרעהרען אין די אויגען געבעטען: „רחמנות" „רחמנות"... וואָס ציהסט דיך צו דער ערד? זאָג... די ערד איז אונציכטיג. פאַלשע נביאים האָבען די ערד פערקויטיגט, און צו איהר האָבען זיי צוגעשמידט דעם מענשענס נשמה, וואָס האָט זיך שטענדיג צום הימעל געריסען, — פאַלשע נביאים ווילען דיין ריינע נשמה אין דעם ערדישען שמוץ בעגראָבען. קום, איך וועל דיך פון דעם אָרט אָבריסען. זאָל דיין נשמה אויף=דאָס=ניי געלויטערט ווערען...

תמר. פערשטעהסט גאָר ניט, אַז דער פריהמאָרגען, וואָס וועט מיט ליעבע און רחמנות די וועלט בעלייכטען קומט=שוין=אָן?

הימן. מיין קינד, ניט בלינדע מוילוואורפען מיט נעגעל ווילען ברענגען דעם שענעם פריהמאָרגען! יענעם מאָרגען ווילען שאַפען מענשען — ביז'ן הימעל שטאָלץ געוואַקסען, און זייער האַרץ וועט שטורמען פאַר בענקעניש. חאַ—חאַ—חאַ! ווערים קריכען=אום און זוכען שטראַהלען פון לאַנג=אויסגעלאָשענע זונען — קלייבען פון בלאָטע געפאַלענע שטערען... יענעם מאָרגען וועט בעלייכטען אַ זון, וואָס דאָס לעבען אַליין האָט געשאַפען. יענעם לעבען וועט בעלייכטען אַ זון, וואָס דעם מענשענס האַרץ אַליין האָט בעשאַפען... (עס פאַלט אויף תמר'ן אַ בונד שטראַהלען פון דער שקיעה).

תמר (צושטרייט). זעה ווי שען די זון פערגעהט היינט... דאָס ווייזט אויף אַ שענעם פריהמאָרגען.

הימן. די שטראַהלען זוכען די יונגע קעניגין. זיי ווילען זי בעשיצען פון דער ווילד=בעזער נאַכט, וואָס רוקט=זיך=אָן אויף דעם געגענד... אייל זיך פון דאַנען!...

תמר. ניין, היינטיגע נאַכט וועט, ווי נעכטיגע שען זיין. נעכטען איז אַ לבנה=נאַכט געווען. איך האָב זיך שטיל אַרויסגעשלייכט דורכ'ן פענסטער, זעהן וואָס עס טהוט=זיך. מיך האָבען ניט געלאָזט שלאָפען מיין פאָטערס אונרוהיגע טריט. איך בין פערגאַנגען ווייט פון אונזער שטוב, אפשר וועל איך אין לופט מערקען דעם בעזען כוח, וואָס לאָזט ניט מיין פאָטער אויף אַ מינוט



די אויגען צו=מאַכען. נאָר שטיל איז געווען... איך בין פערגאַנגען אַזש צום טהאָל, אונטער'ן וואַלד, און האָב מיך דאָרט שטיל אַנידערגעזעצט. פּלוצלינג האָט זיך אַ לייכטער בלאָהער נעבעל פון דעם טהאָל אויפגעהויבען, ער איז אַלץ געוואַכסען און געוואַקסען. ער האָט מיט אַ דינעם דורכזיכטיגען שלייער אַרומגענומען דעם גאַנצען רוים. און הימעל מיט ערד האָבען איינס אויסגעזעהן. איין בלאָהער הימעל=פאַרביגער נעבעל... איך האָב ניט געשפירט, וואו איך געפין זיך — צי אויפ'ן הימעל, אָדער אויף דער ערד... פּלוצלינג האָט זיך דורכגעטראָגען אַ ווינטעל — דער בלאָהער נעבעל=שלייער איז פערשוואונדען געוואָרען, און איך האָב געשפירט, אַז כ'ליעג אויפ'ן הימעל, אָדער דער הימעל האָט זיך ביז צו דער ערד אַראָבגעבויגען... דורך, אַרום מיר, ווי ווייט כ'האָב מיט אַנ'אויג פערוואָרפען, זענען געווען צוזייעט פינקעלדיגע שטערן... היינט וועט אויך אַזאַ נאַכט זיין...

הימן. קאָנסטו מיר אפשר וואָס ווייטער דערצעהלען?

תמר. און ווייטער... ווייטער... ניין! מעהר וועל איך ניט! איך האָב דיך!... לאָז מיך צו רוה!... דו צורייסט מיר דאָס האַרץ מיט דיינע נעגעל... פאָטער מיינער! ליעבער פאָטער!... איך הער דיין קול... איך געה שוין... (כאַפּט איהם ווילד אַרום) ווי ליעב איך דיך!... ווי האַס איך דיך!.. מילדער קוק אין מיינע אויגען... נור מילדער... איך וועל דיר אַלץ דערצעהלען... איך קאָן ניט! איך קאָן ניט... (לאָזט=זיך=אַראָב צו זיינע פיס) פאָטער מיינער! איך געה שוין!... (שרייט) איך געה! איך געה! מיט גוטע מלאָכים וועט די ערד פול ווערען... די גאַנצע ערד. —

הימן. דערצעהל מיר, דערצעהל מיר ווייטער, קינד מיינס. (אַ קורצע פויזע).

תמר (רעדט ווי פון חלום). איך בין געזעסען אין טהאָל. איך האָב געוואָלט הערען, וואָס פאַר אַ קולות עס טראָגען=זיך פון ווייטען. האָט מיר ווי אַ זיסער שלאָף מיינע ברעמען געגלעט... איך האָב געטרוימט... מיינע אויגען זענען געווען אָפען... דער פאָטער איז געזעסען און געשריבען, און איך בין שטיל

געזעסען אין ווינקעל, און געקוקט פון ווייטען אין זיינע אויגען. זיי האָבען געבליצט פון יעדען נייעם געדאַנק, וואָס איז דורכגעפלויגען ביי איהם אין קאָפּ... (וויל אויפשטעהן און לאָזט זיך צוריק אראָב).

הימן. וואָס ווייטער, וואָס ווייטער? דערצעהל...

תמר. שטיל, שטיל האָט זיך די טהיר געעפענט, און אַ שניי־ווייסע האַנד האָט זיך אין איהר באַוויזען. זי האָט צו מיר געוואונקען... געוואונקען... ווען איך האָב דערזעהן די האַנד ס'איז געווען — ווייס איך ניט. דאָס ערשטע מאָל האָב איך אַזאַ לויטער־קלאָרע האַנד געזעהן. איך בין ניט־ווילענדיג פון שטוב אַרויסגעגאַנגען... און ווידער האָב איך די האַנד אין לופט בעמערקט... זי האָט מיר געוואונקען, איך זאָל געהן אַהין... איך בין געגאַנגען... איך בין געגאַנגען... די האַנד איז פערשוואונדען געוואָרען, און אויף איהר אָרט זענען אַ פּאָר פייערדיגע אויגען אויסגעוואַקסען... פון זיי האָבען שטראַהלען געצויגען, מיר דאָס פּנים געגלעט... זיי האָבען צו מיר געוואונקען, איך זאָל געהן... איך זאָל געהן... איך בין אַזש צום באַרג פערגאַנגען, דאָרט אויף יענער זייט וואַלד... די אויגען זענען פערשוואונדען געוואָרען... איך בין איינע אַליין זיצען געבליבען... אויף מיר איז אַ מורא'דיגע בענקעניש אָנגעפאַלען... איך האָב געמיינט, אַז דאָס הארץ מיינס ווערט אין מיר אינגאַנצען צוריסען... (פלוצלינג) לאָז מיך אָב!... וואו האָסטו מיך פערפיהרט? דו טרעטסט מיין הארץ מיט דיינע פיס... לאָז מיך!...

הימן. דיין צוטראָטען הארץ וויל איך גאַנץ מאַכען...

תמר. האָב רחמנות אויף מיר! לאָז מיך געהן צו די אונגליקליכע מענשען... ניי־געבאָרענע, נאַקעטע עופ'עלעך ליגען אין די ווינדען און וויינען יאָמערליך, רופען די מאַמע, שרייען: מאַמע!... מאַמע!.. די מענשען בלאָנדזען־אום, בעטען ליעבע, רחמנות... בלאָנדזען, אָהן טאַטע־מאַמע — יתומים... אַ גאַנצע וועלט יתומים.. ברידער, מיינע! איך לויף צו אייך. שוין, שוין — איך געה. איך וועל אייך זיין אַ טרייע מאַמע. איך טראָג פאַר אייך מיין הארץ, וואָס איז פול מיט ליעבע און צורייסט זיך פאַר ליעבע... לאָז מיך! לאָז מיך!... (בלייבט אין אונמאַכט).



הימן (שטיל). וואָס ווייטער, דערצעהל... דערצעהל.

תמר (אין אונמאַכט). ס'איז זעהר אַ שווערער וואָלקען אַרויסגעשוואומען פון מערב־זייט. ווי פון דער ערד איז ער אַרויסגעשוואומען... ער האָט זיך געטראָגען גלייך אויף אונזער שטוב. אונזער שטוב איז אין פינסטערען וואָלקען פערזונקען געוואָרען... ס'האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ גרויס פחד פאַר מיין פאָטער, און מיט ביטערע טרעהרען האָב איך זיך געלאָזט לויפען אַהיים... ראַטעווען מיין פאָטער... און אויף דעם אָרט פון אונזער שטוב האָב איך אַ שטיק גרוי־שוואַרצען וואָלקען געפונען — פאָטער טייערער! פאָטער ליעבער! — האָב איך געיאָמערט.

הימן (נייגעריג). און ער איז אונטער דעם שווערען וואָלקען פערזונקען געוואָרען?

תמר (מיט פרייד). ניין! ניין! מיין פאָטערס קול, מונטער און שטאַרק ווי שטענדיג, האָט פון אונטער דעם שוואַרצען וואָלקען געשאַלט: ... "דעם נביא האָט מען פאַר זיין ליעבען מיט שטיינער פערוואָרפען, טאָר זיינע ווערטער האָבען זיך ווי פייערדיגע פיילען געטראָגען אין לופטען און האָבען געברענט יעדעס ווינקעלע הארץ... דעם נביא האָט מען פון שטאָדט אין דעם מדבר פערטריבען, נאָר זיינע אויגען, פון וועלכע ס'האָט געשאָסען דאָס געטליכע פייער און די געטליכע שטראָף — איז צווישען די מענשען געבליבען... זיי בלאָנדזען־אום צווישען מענשען, און די מענשען לויפען פון זיי דאָס גאַנצע לעבען!"... ווי הייסע פלאַמען האָבען די ווערטער דורכגעשניטען דעם פינסטערען וואָלקען, זיי האָבען זיך גלייך צום הימעל געטראָגען... פאָטער מיינער! פאָטער מיינער! — האָב איך געשריען — איך פאַל אין דיינע אָרעמס... איך בין דיין קינד, און דו ביסט מיין פאָטער!... שיק מיך אין פייער — וועל איך געהן; אין וואַסער — וועל איך לויפען... און איך האָב זיך אין דעם פינסטערען וואָלקען אַריינגעוואָרפען...

הימן. און דו האָסט זיך ערוואַכט?

תמר. ניין; כ'בין נאָך ניט געשלאָפען, איך בין ניט געשלאָפען. דאָס האָב איך וועגען ליעבע און רחמנות געטרוימט... די ליעבע צו מיין פאָטער און

צו אַלע מענשען איז ווי אַ טיעפער הימעלשער טרוים... אַלעמען ליעב איך... אַלעמען — נאָר דיך... דיך האָב איך, ווי די בעזע שלאַנג! (שפרינגט-אויף) לאָז מיך!... איך וויל מיין לעבען פאַר דעם אמת אַ קרבן ברענגען... איך וויל מיט מיין לעבען דאָס אייביגע לעבען פאַר די מענשען שאַפען... איך נעה שוין!... (טרעט-אָב אַ פאָר טריט הינטער זיך) איך נעה! (ס׳פאַנגט-אָן צו-טרעטען די נאַכט).

הימן (ערשטוינט). איך לאָז דיך... איך לאָז דיך. נאָר הער וואָס וועגען דעם לעבען...

תמר. קיינער וועט מיך ניט איינהאַלטען... (בלייבט שטעהן צושטרייט).

הימן. זעה, די זון איז שוין פערגאַנגען. ס׳ווערט פינסטער אַרום... ס׳נעהט די בעזע נאַכט, וואָס מענשען וועלען איינגאַנצען פערבלאָנדזעט ווערען. אָנשטאָט דעם צווייטען — וועט דער מענש נור זיך אַליין זעהן. אָנשטאָט דעם שפּיז צו שטעכען זיין ליעבען חבר אין ברוסט, וועט ער מיט איהם זיין איינען האַרץ דורכלעכערן... לאַנג וועט די נאַכט דויערן... איצטער איז ניט מעהר ווי „דעמערונג". לאַנג וועט זי דויערן, ביז דער לעצטער אָר מער מענש וועט ניט פערטיליגט ווערען... ביז דער לעצטער וועט ניט, ווי אַ מיאוסער וואָרים פון זיין ברודער-צוטראָטען ווערען... פרעג דיין זיידען, וועט ער דיר זאָגען... ער זעהט, וואָס אויף דער ערד איז געשעהן. ער נעהט-אום מיט אָפענע אויגען. שאַרף איז זיין בליק... ער איז אָבער אויף דער ערד אויסגעוואַקסען. נור אַ מייל פון דעם אמת זעהט ער. זיין קאָפּ איז צופיעל נידער-געבויגען... וואָס העכער איבער דער ערד וועבט-זיך, — איז פון איהם פערבאָרגען... ער איז פון יאוש שטום געוואָרען און אין וואַלד זיך-פערקליבען. ער זעהט ניט אַפילו דעם פאַלשען אָבשלאַג פון דעם שענעם פריהמאָרגען... דער טאָג, וואָס ווייזט-זיך, איז ניט מעהר ווי אַן אָבשפּיגלונג פון אַ ווייטען חלום... דאָס שפּיגלען-זיך-אָב שטראַהלען פון דער זון, וואָס האָט נאָר אַמאָל אין די אַלטע צייטען זיך בעוויזען. היינט גיסט-זיך איהר אמת׳ע ליכט אין דעם אָרט, וואו דעם מענשענס האַרץ, וואו דעם מענשענס מוח וואַגט ניט צו חלום׳ען וועגען איהם...



און ווען עס פערבלאָנדזעט אַהער אַ שטראַהל פון אייבי-גען לעבען, פאַלט ער אויף איינעם פון די טויזענדער ניי-געבאָרענע אונשולדיגע מענשען-קינדער... דורך די שטראַהלען וואַקסען איהם אויס אָדלער-פליגעל. און ניט בעמערקענדיג טראָגט ער זיך פון דער ערד אַוועק...

תמר (שעפּטשעט). וואוהין? וואוהין?

הימן. אַהין... צו דער גרויסער אָדלער-נעסט... יאָהרען-לאַנג וואַקסט די גרויזאַמע ממשלה פאַר דער ערד — די אָדלער-ממשלה. ניט קיין אָדלערס, וואָס שמאַכטען נאָך פגירות, וואָס דורשטען מיט תאוה נאָכ׳ן ריח פון בלוט... אָדלערס, וואָס וועלען אויף זייערע פליגלען ברענגען דאָס אמת׳ע ליכט... דאָס ליכט, וואָס וועט די נאַכט פערטרייבען, און וועט לייכטען ביז אין דער אונענדליכקייט... מיין קינד! קלייב-זיך-אויס! (ער נעהט-צו צו איהר מיט אַ טריט נעהנטער. עס ווערט פינסטערער).

תמר (רייבט די אויגען, ווי זי וואָלט זיך ערוואַכען פון אַ שטאַרקען חלום. קוקט-זיך-אַרום צושטרייט. שעפּטשעט צו זיך אַליין). איך האָב פערשלאָפען... איך האָב פערשפּעטיגט... דאָרט וואַרט מען אויף מיין ליעבען... זיי וויינען און בעטען רחמנות... (מונטער) ס׳איז נאָך צייט! (שטאַרקער) איך נעה צו אייך!... איך לויף! איך לויף... (לויפט אַוועק אין וואַלד).

הימן (שטעהט אַ ווייַלע איבערראַשט. צו זיך אַליין). כ׳וועל, נעגען איהר ווילען, דאָס לעבען איהרס מציל-זיין... (לאָזט-זיך נאָך איהרע טריט. אַ לאַנגע פּויזע. ס׳ווערט פינסטערער. פון ווייטען דורכ׳ן וואַלד טראָגט-זיך אַ קלאַנג פון אַ קירכען-גלאָק, און ווערט ווידער שטיל. פון וואַלד רעכטס געהט איילענדיג אַ יונגע פרוי, וואַרפט צושראָקענע בליקען אַרום. זי טוליעט צום האַרצען אַ קינד, ווי זי וואָלט עס וועלען בעשיצען... זי ווערט פערשוואונדען... פּויזע. ס׳לויפט-דורך אַ מענש, ס׳זעהט-אויס, ווי ער וואָלט זוכען אַן אָרט, וואו זיך צו בעהאַלטען... ס׳טראָגט-זיך אַ אונרוהיגער צווייענדיגער קלאַנג פון אַ קירכען-גלאָק... פּויזע. ס׳בעווייזט זיך צווישען די בוימער רעכטס אַן אַלטער מאַן, שטאָלפּערט אויף צוויי לאַנגע שטעקענס. ער ווערט שנעל פערשוואונ-דען לינקס אין וואַלד... פּויזע. אין איין געלויף צושראָ-

קען, שלײַכט־זיך דורך א יונגע מײדעל, און בעמער־קענדיג די שטוב פון װײַטען, בלײַבט זי שטעהן א װײַלע, װי די װאלט־זיך מיט זיך מישב־געװען ... פערשװינדט, ס'װערט פינסטער ... װײַטע, אונרוהיגע קלאנגען פון קירכען־גלאקען װערען אפטער אין לופט ... א װינד רײַסט־זיך־ארײַן אין װאלד. און ס'װערט א בעװעגונג צװישען די בײמער).

פ א ר ה א נ ג.

---





# דריטער אקט

א פינסטערע נאכט. ס'שראַגען־זיך שווערע כמארעס איינע אויף דער אנדערער... פון די אפטע בליצען ווערט פון צייט צו צייט בעלויכטען דער גאנצער געגענד און עס זעהט זיך א בערגעל, און לינקס א וואלד. א ווינד בעוועגט פון צייט צו צייט די בוימער. אפטמאל טראגט זיך דורך אנ'עכא פון ווייטע געשרייען. —

---

נתן און זיזי (זיצען ביידע אויפ'ן בערגעל).

נתן. זעהסט, ווי שען עס איז ביי נאַכט נאַטס וועלט?

זיזי. ניין, זיידע, דאַס איז ניט שען. ס'איז פינסטער .. באַלד וועט נאָך געהן אַ גרויסער רעגען... מיר טהוען שוין וועה מיינע פיס; — איך וויל, דו זאָלסט מיך שוין פיהרען אַהיים.

נתן. אַהיים טאָר מען ניט געהן. ס'איז אַ מוראָ איצטער אין־דער־היים צו בלייבען. נור נעבען מיין פאָלע זאָלסטו זיך האַלטען. און איך וועל ניט לאָזען, אַז מען זאָל דיך רייבען פון מיר... (קליינע פויזע).

זיזי. וואו קאָן איצטער זיין דער טאַטע, תמר?

נתן. דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז היינטיגע נאַכט דאַרף עס אַלץ געשעהן. אָדער ס'איז שוין געשעהן.

זיזי. וואָס איז געשעהען? זאָג מיר, וואָס איז געשעהען? (שווייגט אַ ווייַלע) ווייסט, זיידע, איך טראַכט עפּעס.

נתן. וואָס, מיין קינד?

זיזי. אַז תמר'ן וועט מען היינט הרג'נען...

נתן. שש.. ששש.. מיין קינד!

זיזי. איך טראַכט, אַז זי איז ערגעץ ווייַט, ווייַט אַוועקגעלאָפען... און דאָרטען וועט מען איהר...

נתן. ניט רעד עס, ניט רעד עס אויס פון מויל.

זיזי. טאָ פאַרוואָס נעהסטו מיט מיר אום אין די פעלדער?

נתן. דו בענקסט אַהיים?

זיזי. איך בענק, איך האָב מורא. פאַרוואָס אַנטלויפסטו אַלץ פון דער־היים, און דו ווילסט מיך

אויף פערפיהרען? מיינסט, איך פערשטעה ניט, אז דו האָסט אויך מורא, דו פערנאַרסט מיך...

נתן. איך וועל דיך ניט פערנאַרען. איך וויל דיך פון דער=היים אָבגעוועהנען, דו זאָלסט זיך צוגעוועהנען צום וואַלד.

זיזי. מיר וועלען דאָרטען לעבען ווי די פויגלעך?

נתן. מיר וועלען דאָרט לעבען ווי אַלע גאָטס בעשעפענישען (שטעהט=אויף) קום, מיין קינד.

זיזי. איצטער האָב איך מורא צו זיין אין וואַלד. (נאָך אַ קורצען שווייגען) מיר וועלען דאָרט אויסוואַכסען הויך ווי די בוימער?

נתן. דו וועסט דאָרט אויפוואַכסען ריין און אונשולדיג ווי אַ טויב.

זיזי. און אין שטוב וועסטו ניט געהן?

נתן. דאָס אונגליק האָט=זיך אָנגעדרוקט אויף אונזער שטוב...

זיזי (עקשנות'דיג). טאָ פאַרוואָס זאָגסטו וועלען מיר זיך דאַרפען אין וואַלד בעהאַלטען?!

נתן. ס'וועט זיין אַ מורא צו וואָהנען אין שטוב.

זיזי. פאַרוואָס וועט זיין אַ מורא צו זיין אין שטוב?

נתן. ס'וועט זיין אַ מורא צו טרעפען=זיך מיט נאָך אַ מענשען.

זיזי. און איך וועל אין וואַלד מיט דיר ניט געהן. איך וועל ניט געהן... אין וואַלד זענען פאַרהאַן וועלף.

נתן. (גלעט זי צושטרייט). ניין... ניין... ניין... אין וואַלד וועט דיך קיינער ניט ריהרען. הערסט, ווי עס זינגען דאָרט די פויגלעך? קום, וועסטו זעהן, ווי עס הענגען דאָרט די נעסטען, אָנגעבונדען צו די צווייגען, און דער ווינד הוידעט זיי... וועסט זעהן, דאָרט זיצען קליינע עופ'עלעך; זיי האָבען גאָר קיין מורא ניט...

זיזי. וועלען מיר שוין היינטיגע נאַכט ניט געהן אַהיים?

נתן (צו זיך). פערבלאָנדזעט פון מיר מיינע קינדער... פערבלאָנדזעט...

זיזי. וועט ביים טאַטען און ביי תמר'ן אויך אויסוואַכסען צייהנער ווי ביי אַ וואָלף?

נתן. ניט פרעג עס מיך, ניט פרעג עס מיך,



מיין קינד! דאָס האַרץ ציטערט מיר אויף. דאָס בלוט קיהלט אין מיינע אָדערן. (עס הערט=זיך אַ ווייטער מורמלען פון אַ דונער). דאָס איז די ערשטע בשורה... (זיין קול ציטערט) קינדער האָב איך געהאָדעוועט! בוימער האָב איך געפלאַנצט, מיט טוי פון הימעל ערצויגען—וואָס פאַר אַ ווינד טריקענט זייערע וואָרצלען?... וואָס פאַר אַ ווינד ברעכט מיינע צווייגען?

זיזי (האַלב דערשראָקען). פיהר מיך אַהיים!

נתן (מונטערער). נאַריש קינד, איך בין דאָך מיט דיר.

זיזי (פרעהליכער). אין וואַלד וועלען מיר זיך אויפמאַכען אַ גרויסען נעסט, אויף אַ הויכען, הויכען בוים. און מיר וועלען דאָרטען זיצען. איך וועל דיר העלפען אַרויפצוקריכען.

נתן. אַזוי, אָט אַזוי, מיין קינד.

זיזי. אָבער היינט וועלען מיר נאָך געהן אַהיים. איך וויל נאָך אַ מאָל זעהן דעם טאַטען, תמר'ן.

נתן (אונרוהיג). קיינער איז אין=דער=היים ניטאָ, קיינער איז אין=דער=היים ניטאָ.

זיזי. ווידע, דו נאַרסט מיך, דו נאַרסט מיך! פיהר מיך אַהיים, אויב ניט וועל איך דיך אַליין לאָזען, און איך וועל לויפען אַהיים; איך וועל טרעפען די וועג אָהן דיר.

נתן. אַ שלאַנג האָב איך אין מיין אייגענעם בוזעם געהאָדעוועט, איצטער ליגט זי נעבען אונזער שטוב... וועסט געהן אַליין אָהן מיר, וועט דיך אַ בעזע שלאַנג אויפ'ן וועג איינבייסען. (ס'בליצט).

זיזי. זעהסט, עס בליצט שטאַרקער... דער הימעל איז נאָך שוואַרצער געוואָרען... (רופט) תמר! תמר!

נתן. שווייג: מען זאָל זיך ניט דערוויסען, אַז מיר זיצען דאָ.

זיזי (בלייבט נאָר שטיל. די כמאַרע ווערט שטאַרקער).

נתן. איינזאַם, איינזאַם, איינזאַם... ווי אַן אָבגעהאַקטער בוים מיט איינגעבראָכענע צווייגען...

זיזי. דו האָסט אויך מורא... דו האָסט אויך

מוראָ. קום, איך וועל דיך פיהרען. (פון ווײַטען טראָגען זיך אײַנזאַמע קולות).

נתן. מענשען=קולות ... מענשען=חיות ... (שווערע פויזע).

זיזי. ת—מר! ת—מר! (די קולות ווערען אַלץ נעהנטער).

נתן. ניין, איך וועל זיך נאָר ניט דערוואַרטען; איך וועל זיך ניט דערוואַרטען ... דעם וועג מוז איך אָבטרעטען. (ס'בליצט).

זיזי (רופט). ת—מר! ת—מר!

נתן (נעהמט זיזי'ן פאַר'ן האַנד). קום מיט מיר, קום, מײַן קינד.

זיזי. כ'האָב מוראָ, כ'האָב מוראָ, לאָז מיך נאָר אַלײן.

נתן. קום, מײַן קינד, קום גיכער פון דאַנען...

זיזי. לאָז מיך, לאָז מיך!

נתן. קום, איך וועל דיך בעשיצען ... קום מיט מיר.

זיזי. לאָז מיך, לאָז מיך... (רײַסט=זיך פון איהם אַרויס).

נתן. ביסט שטאַרקער פון מיר ... ביסט שטאַרקער פון מיר... (געהט אַליין אַוועק אײַלענדיג צום וואַלד).

זיזי (בלייבט אַליין שטעהן אַ צײַט. הויבט=אָן וויינען. ס'מורמעלט אַ דונער. אונטער דער בעלויכטונג פון אַ בליץ בעווײַזט-זיך אויפ'ן באַרג הימן; טראָגט אויף די הענד תמר'ן).

זיזי (שטאַרק צושראָקען). כ'האָב מוראָ, ווער איז עס?

הימן. ניט שרעק=זיך, ניט שרעק=זיך ... אָט איז דײַן שוועסטער.

תמר (שוואַך). שוועסטער... (צו הימן'ען) לאָז מיך אַראָב, לעג מיך אויף דער ערד, ווײַטער וויל איך ניט זאָלסט מיך טראָגען ... לעג מיך אויף דער ערד.

זיזי (וויינט). תמר! .. תמר! ... תמר! ...

תמר. ווי קומסטו אַהער, מײַן ליעב קינד?

הימן. ווי קומט זי אַהער אין אַזאַ בעזע נאַכט?



תמר. איז דאָ ערגיץ פאַרהאַן אונזער פאָטע-? (צו הימן'ען). לעג מיך אויף דער ערד.

הימן (צו זיזי'ן). שרעק-זיך ניט, שרעק-זיך ניט, סט'געהן מיט מיר.

תמר. אויף דער ערד...

זיזי (וויינט אין דער שטיל).

הימן. ניט וויין, ניט וויין. דײַן לעבען הויבט=זיך נאָך יעצט אָן.

תמר (וועהרט=זיך). לאָז מיך ליעגען אויף דער ע-ד... אויף דער ערד... זיזי וועט נעבען מיר ביז די לעצטע מינוט מײַנע זיצען... זיזי... זיזי... לאָז מיך אויף דער ערד! לאָז מיך שטאַרבען ביז מײַן פאָטער וועט קומען ... איך זאָל זײַן מרויער ניט זעהן.

הימן (לעגט זי אויף דער ערד). כ'וויל דײַנע וואונדען גאַנץ מאַכען ... קום, איך וועל דיך אויף מײַנע הענד אַרויפטראָגען אַהין, ווײַט פון דײַן פאָטערס שטוב, קום — אונטער'ן באַרג וואַרט דאָס לעבען אויף דיר...

תמר. זיזי! וועק=זיך נעבען מיר, גיב מיר דײַנע הענד... כל=זמן עס קלאַפט אַן'אָדער, וועל איך דיך בעשיצען.. גיב מיר דײַנע הענד...

זיזי (בויגט=זיך=אַראָב צו תמר'ן, נעהמט זי אַרום).

(פויזע).

תמר. וואו איז דער טאַטע.

זיזי. כ'ווייס ניט.

תמר. האָסט איהם ניט געזעהן?

זיזי. ניין.

תמר. ניין? האָסט איהם ניט געזעהן?

זיזי. ניין.

תמר. וואו איז דער זיידע?

זיזי. ער איז ערגיץ ווײַט, ווײַט פון דאַנען — אין וואַלד, ער האָט מיך ניט געלאָזט געהן אַהיים... ער האָט מיך אויך געוואָלט מיט=נעהמען אין וואַלד. האָב איך זיך ניט געלאָזען.

תמר (רופט שוואַך). זיידע!... זיידע!... טראָג מיך צום פאָטער מײַנעם... (שווייגט אַ ווײַלע) ניין, איך וויל ניט... טראָג מיך ניט... דער סוף קומט... וועה, עס קומט דער סוף... (בעמערקענדיג הימן'ען) ער זיצט דאָ?

נעה·· נעה·· שטאַרבען וויל איך אַליין··· כ׳וויל ניט, זאָלסט הערען מײַנע לעצטע ווערטער··· כ׳וויל ניט, זאָלסט לאַכען פון מײַנע לעצטע ווערטער···

הימן. איך וועל ניט לאַכען, און וועל ניט וויינען.

תמר (נאָך אַ קורצען שווײַגען, רעדט אָנגעשטרענגט). כ׳האָב אויסגעשפּרייט מײַנע אָרעמס·· געמיינט, די גאַנצע וועלט נעהמען זיי ארום·· געמיינט, אַלע מענשען אין זיי אַרײַנכאַפּען·· און דערנאָך··· כ׳האָב אויסגעשטרעקט מײַן ברענענדיגע ברוסט·· מיט ליעבע זיי פערשיכור׳ן·· זייערע הערצער ווייכער מאַכען···

זיזי (קושט זי). ווער האָט דיר געטהאָן? זאָג מיר, ווער האָט דיר געטהאָן?

הימן. כ׳בין פון ווייטען געשטאַנען, און פאַר צאָרן האָט מײַן האַרץ געפלאַמט·· האָסט מיט דײַן קומען נור זייער קלײנעם רצון צורייצט··· דאָס האָבען ווי דיר פאַר ליעבע דעם פנים צוביסען, און פאַר ליעבע מיט די פים געטראָטען···

תמר. כ׳בין געלאָפען··· געבעטען—„זעהט, עס וואַלגערען־זיך אײַערע אײגענע קראַנקע קינדער. (שטאַרקער) איין וועלט האָט נאָט בעשאַפען פאַר אַלעמען··· איין זון האָט גאָט בעשאַפען פאַר אַלעמען״···— קיינער ט׳ניט געהערט··· קיינער ט׳ניט געהערט··· (עס הערט זיך אַ ווייטער ברומען).

זיזי. עפּעס ברומט··

תמר. אַלץ נעהנטער··· אַלץ נעהנטער···

הימן. מײַן קינד, בעדענק־זיך!

זיזי. כ׳האָב מורא·· כ׳האָב מורא···

תמר (דריקט זי צו זיך). מײַן אָרימע שוועסטער··· מײַן אונגליקליכע שוועסטער··· (שטיל און שווער) כ׳בין געלאָפען, געשריען—מענשען, מענשען··· ווער האָט אין אײַער האַרץ שנאה געפלאַנצט? ווער האָט אין אײַער האַנד אַ שפּיז געגעבען?··· פינסטער ווערט אויף דער וועלט···האַלט־אָב!· האַלט־אָב!··נענוג האָט גאָט פער־פלאַנצט פאַר אַלעמען··· (איהרע ווערטער רײַסען־זיך־אָב צו ווײַלע) רחמנות·· רחמנות··· רח—מנות···

הימן (שטיל). חאַ־חאַ־חאַ—ליעבע, רחמנות··

תמר (הויבט־זיך־אויף, און פאַלט). נעה אַוועק··



אַוועק··· אַוועק!·· צוריק ל׳איך געהן··· דעם לעצטען פונק פײַער אַהין אַוועקטראָגען··· נאָר נישט דו··· בײַ דיר ל׳איך קײַן רחמנות ניט בעטען··· כ׳האָס דיך··· כ׳האָס דיך··· ניין··· ניין··· כ׳האָב אויף דיר אויך רחמנות··· אויף אַלעמען·· יעדער בענקט נאָך ליעבע··· יעדער בעט רחמנות. כ׳שענק דיר··· כ׳שענק דיר··· מײַן פאָטער··· ווי זיצט ער נאָך אַזוי שפּעט אין שטוב? ער האָט מיך געלערנט··· פון זײַן האַרץ מיר ליעבע אײַנגעטיילט··· וואו איז ער איצטער?·· וואו איז ער אַזוי שפּעט? האָט זײַן האַרץ שוין אויך אַ שפּיז דורכגעלעכערט? מענשען! שעהנט מײַן פאָטער··· ער טראָגט פאַר אײַך זײַנע אָפענע אָרעמס··· ער נעהט צו אײַך, אײַער וועג־ווײַזער··· שעהנט איהם!··· ער האָט פאַר אײַך דעם אמת׳ן וועג געפונען·· ער האָט איהם גע—פו—נען··· (נאָך אַ קורצען שווײַגען) נאַריש··· נאַריש··· נאַ—ריש··· (עס דונערט).

הימן (שטיל). אמת··· אמת·· אמת···

תמר (מיט די לעצטע כחות). ניין!··· ניין!·· ניט איך רעד עס! ניין! ניט איך··· ביז דער לעצטער מינוט··· (שרייט) מיט די לעצטע כחות··· וועל איך שרײַען··· רחמנות··· רח—מ—נות··· ליע—בע··· ליע—בע··· (רײַסט־זיך־אָב).

זיזי (וויינט שטיל). ת—מר··· ת—מר··· ת—מר···

הימן. דו וועסט מיט מיר געהן··· האָב קײן מורא ניט. איך וועל דיך מיט־נעהמען.

זיזי. ווײַדע! ווײַדע! ת—מר, שטעה־אויף!··· תמר, שטעה־אויף! (עס טראָגט זיך פון ווײַטען אַ קול: „קינ—דער מײַנע! טאָכ—טער מײַנע!״)

זיזי (מיט פרייד). תמר, תמר, דער טאַטע נעהט!

הימן (בייז). נאַרישער ברודער! נאַרישער מענש!

דער קול (גאָר נאָהענט). טאָכטער מײַנע! האַלט! איך נעה אויך מיט דיר··· שטעה, שטעה!

זיזי. טאַטע, אָט בין איך! תמר··· תמר! (זי וויינט. עס דונערט. נדב בעווײַזט־זיך).

נדב. אַלע זענט איהר דאָ?

הימן. דײַן אינגסטע קינד און דײַן ברודער.

נדב. וואו איז מײַן קינד?

הימן. דײַן קינד האָבען די ליעבע מענשען

צוטראטען ... איהר הארץ האבען גראבע הענד צוריסען — אט ליעגט זי.

נ ד ב. מיין טאכטער ... (צו הימן'ען) האסטו איהר מיט דיינע נעגעל ?...

ה י מ ן. איך האב זי אויף מיינע הענד פון בלאטע ארויסגעטראגען ...

נ ד ב (שטעהט צושטרייט). מיין ברייטער וועג, אויף וועלכען איך בין אזוי ווילער געגאנגען, האט־זיך אונגעריכט אויף צווייען צוטיילט. וואוהין זאל איך געהן? דאס היילינע האט מען מיט די פיס צוטראטען... רחמנות איז אין ים פון מענשען־בלוט דערטרונקען געווארען ... ווי א גרויסער שטיין ביסטו, מיין קינד, אויף מיין וועג געפאלען — איך קאן דיך ניט אויסמיידען... ווייטער מיט דעם וועג קאן איך ניט געהן. (פאלט אויף תמר'ס טויטען קערפער) מיין קינד! דו האסט דאס בעסטע פון מיין הארצען מיט זיך פערנומען... און צוריק ניט געבראכט... האסט דאס שענסטע פון מיין נשמה אין דער פינסטערער נאכט פערלארען... דאכט־זיך ווי אן'אונשולדיגער שטראהל פון דעם בייזען ווינד פערלאשען (בלייבט ליעגען שטיל אויף תמר'ס טויטען קערפער).

ז י ז י. טאטע, טאטע! פיהר מיך אהיים.

ה י מ ן (שטארק געריהרט). דער אמת ... דער אמת ... נאר דו וועסט מיט דעם וועג ניט געהן ... הער, מיין ברודער! כ'האב געשטומט, כל־זמן ס'האט געקלאפט דער לעצטער אדער פון לעבען אין דעם הארצען, צוליעב וועלכען איך האב זיך אזוי נידריג אראבגעלאזען... איצטער וועל איך איבערשרייען דיין לעצטען געדאנק, וועלכער איז דער ערשטער געוועזען, און וועלכער ס'האט דיין קינד פאר א קרבן געבראכט ... כ'וועל איבערשרייען דעם קול פון דיין הארצען, וואס רופט דיך געהן אויף דיין אלטען נארישען וועג... און אויב דו ליעגסט שוין טויט אויף דיין קינדס קאלטען קערפער — וועט דער לעצטער פונק ווארימקייט, וואס גליהט נאך וואו פערבארגען אין דיר, מיך הערען... הער!... הער! נארישער ברודער! אין זייער אייגען בלוט וועלען די מענשען אויף דער ערד דערטרונקען ווערען... דער לעצטער וועט זיין אייגען פלייש פאר ווילדען הונגער עסען, און זיין אייגען בלוט פאר טייוועל=



שען דארשט טרינקען — היט־זיך, או דו זאלסט דער לעצטער ניט זיין! (עס דונערט).

ז י ז י (ציטערט). טאטע! ... טאטע! ...

נ ד ב (הויבט־זיך שטאלץ אויף. זיין שטים קלינגט העל און פריי). ווען דער טרויער גרייכט דעם לעצטען גרעניץ; ווען די יסורים פון הארצען שטייגען איבער דעם מענשליכען כח — מוז זיך דער אמת בעווייזען ... האלטענדיג מיין קאפ אויף מיין קינדס קאלטען קערפער, האט־זיך פאר מיר בעוויזען א ליכטיגער שטראהל — דאס ערשיינט פאר מיר דער אמת אליין... איך וועל זיין צו בער־ליכט... (צו הימן'נען) איך האב דיינע ווערטער ניט געהערט. זיי האט דער ווינד פערטראגען; זיי האט די נאכט פערשלונגען... איך געה באלד, איך געה! ... (עס דונערט שטארקער) הימעל און ערד האבען־זיך אינאיינעם־געמישט; שטערן וואלגער־זיך אין בלאטע, און ווערען מיט פרעכע פיס געטראטען... איבערגערוקט האט־זיך דאס הארץ ביי דער יוגענד, און די עלטער איז פעראירט... איבערגערוקט האט מען די גרענצען, וואס דער אלטער גאט האט געשטעלט, און די נייע זענען ניט אויף זייער ארט געבויט... עס האבען־זיך די מענשען פון דער ערד אבגעריסען, און קאנען ניט צום הימעל זיך פערקלייבען... (עס קנאלען די דונערען) דער הימעל דונערט, די ערד ציטערט־אויף; בערג ברעכען־זיך... פייער מיט וואסער פליסען, און גיסען־זיך אינאיינעם... עס בעוויזט־זיך ווידער אויף דער ערד דער אלטער גאט. ער קליידט די וועלט מיט ליכטינקייט אן... עס געהען פארויס זיינע שלוחים, זיי רייטען אויף די וואלקענס... זיי טראגען־זיך אויף די פליגלען פון ווינד... מיין גאט — איך געה. איך געה! (עס ענטפערט־אב אן'עכא פון ווייטען: „געה!" „געה!")

ה י מ ן (שטיל און שטאלץ). ניט מיין גאט רופט... ניט מיין גאט רופט...

ז י ז י (ציטערט. שטעהט ערשטוינט. עס רייסט־זיך דער ווינד אין וואלד. דער גאנצער וואלד בעוועגט־זיך).

נ ד ב. איך הער זיין קול, ער שאלט, ער רופט צו מיר... עס דונערט גאטס קול פון איין עק לעבען ביז צום אנדערען... אין טויזענד־פאכיגען פיבער ווערט ווידער דעם מענשענ'ס הארץ בעצוואונגען ... איך הער דעם קול... ער רופט: „האלט־אב איהר, מענשען, אייער

אײבינע מלחמה! קלאָר דער מוח! — װײך זאָל װערען דאָס האַרץ״. — מײַן נאָט, איך נעה! איך נעה! (אַן עכאָ פֿון װײַטען: „נעה!״, „נעה!״)

היימן (שטאָלץ). ניט מײַן נאָט רופֿט עס... ניט מײַן נאָט רופֿט עס...

נדב (שטאַרק, מיט אויסגעשפּרײַטע הענד). איך הער, מײַן נאָט!... איך הער!!... (אַן עכאָ פֿון װײַטען קלינגט-אָב: „הער!״, „הער!״... ס׳פֿאַנגט-אָן אַ שטורעם-װינד רײַסען אין װאַלד) פֿירכט איך, פֿירכט איך, איהר אַלע קינדער פֿון דער ערד. ס׳נעהמט דאָס פֿײַער און ברענט מיט צאָרן דאָס האַרץ, פֿון װאַנען עס װאַקסט די שלעכטס אַרוים; ס׳ציהט אַ װאָלקען און טראָגט זײַנע פֿײַער-בליצען — אויף דעם קאָפּ פֿון די פֿעראַרדטע װעט ער זײַ אויסגיסען... (דער שטורעם װערט נאָך שטאַרקער, כ׳פֿײַפֿט. דער װאַלד קרעכצט. נדב׳ס קול װערט אַלץ מעכטיגער) פֿירכט איך, פֿירכט איך! ס׳נעהמט דער נאָט, ער פֿערשפּרײַט זײַן פֿליגעל אויף דער גאַנצער ערד! ער הילט-אײַן אין שרעק באַרג און טהאָל... כורעים פֿאַלען די מענשען-קינדער!... דאָס אויער װאַרט אויף נאָטס בעפֿעהל... מײַן נאָט, איך נעה!... איך נעה!... (לויפֿט-אַראָב, און פֿערשװינדט אונטער׳ן באַרג).

זיזי (שטעהט נאָך אַלץ ערשטױנט).

היימן (קוקט-נאָך נדב׳ן). חאַ-האַ-האַ! פֿאַר װעמען איז ער אַװעק אַ נאָט זוכען! פֿיש שלינגען אײַנער דעם אַנדערען, אָבער ניט די מעכטיגע לײבען, װאָס װאַקסען אין דעם פֿרײַען מדבר. זאָלען מענשען װי לײבען שטאַרק װערען —

(ס׳װערען שטילער די דונערען)

זיזי (װײנט). טאַטע! טאַטע! טאַטע!

היימן (נעהמט זי פֿאַר׳ן האַנד). ניט װײן, ניט װײן; ביסט יונג און אומשולדיג, ניט דאָ איז דײַן אָרט. קום, איך װעל דיך אויף דעם העכסטען באַרג איבער-טראָגען. דאָרט, װאו די אָדלערס זיצען — זאָל דײַן יוגענד אויפֿבליהען... (מיט פֿעסטע טריט טראָגט ער זי אַװעק. עס בליצט. דער מורמעל פֿון די דונערען ער-װײַטערט-זיך. אַ לאַנגע פּױזע. ס זעהט-זיך מעהר-ניט װי תמר׳ס טױטער קערפּער אין איהר װײַסען קלײד).



נתן (נעהט-אַרויס פֿון װאַלד. זײַן קול ציטערט). אײַנזאַם... אײַנזאַם... װי אַ בוים, אויסגעקעהרט מיט די װאָרצלען און מיט אַרומגעבראָכענע צװײַגען — װעל איך בלאָנדזען אין דער פֿינסטערער נאַכט (שטױסט-זיך-אָן אויף תמר׳ן). װער איז עס? (בױגט-זיך) מײַן קינד... קאַלט! אײַנגעצונדען דײַן בלוט פֿערגליװערט... (זעצט זיך נעבען איהר, און שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ. רעדט קאַלט און מיט יאוש). מײַן האַרץ איז קאַלט פֿון עלטער און יאוש, און אין דײַן יונג האַרץ האָט מען דאָס לעבען פֿערלאָשען... (שװײַגט אַ װײַלע) איך װעל ניט בעקלאָגען די יוגענד, אויב די עלטער איז אַזוי שידרעהאַפֿט און פֿינסטער... איך װעל ניט בעקלאָגען דײַנע פֿערלאָשענע אויגען, אז מײַן אויג װעט נאָך דאַרפֿען זעהן דײַן טאַטען מיט אַ צוריסען האַרץ... איך קאָן איך בײַדען ניט בעקלאָגען, אויב מײַן אויער װעט נאָך הערען, װי פֿון הױכען באַרג װעלען זיך שיטען דײַן שװעסטערס טרוקענע בײנער... ס׳האָט פֿאַר דײַן לעבען דאָס האַרץ דײַנס ניט געװאוסט פֿון קײן רוה... װעל איך פֿאַר דײַנע בײנער אַ רוהיגען װינקעל געפֿינען... (ער טראָגט זי מיט גרויס מיה אַװעק אין װאַלד. עס בליצט).

אַ קול (פֿון װאַלד שרײַט מעכטיג). ש—קר!... ש—קר!... ש—קר!...

(פֿאָרהאַנג).

װילנא, תרס״ז.

(ענדע).